# וואָס איז אַ צייטונג?

אַ שמועס וועגן דער
אידישער פּרעסע

פּרייז: 25 סענט

(1) לאָמיר זיך דורכשמועסן

פון פּ. נאָוויק

(2) די געפאַר פון נעאָ-נאַציזם

פון חיים סולער

(3) מענטשן-רעכט פאַר דער יו-ען

פון דוד מאַטים

(4) דער יובּילי פון אַ צייטונג

פון ם. ד. לעווין

צוגעגרייט צום דרוק דורך **דוד מאַטים**

סעפּטעמבער, 1963

---

# וואָס איז אַ צייטונג?

ארויסגעגעבן פון דער „מאָרגן פרייהייט"

# A Newspaper — Its Meaning


Published by the MORNING FREIHEIT

35 East 12th Street, New York 3, N. Y.

Telephone: ALgonquin 4-9480

# לאָמיר זיך דורכשמועסן

## וועגן דער ראָל פון אַ אידישער צייטונג

### פון פ. נאָוויק

מיר ווילן זיך דאָ מיט אייך דורכשמועסן וועגן אַ וויכטיגן ענין — וועגן דער ראָל פון אַ אידישער צייטונג.

מיר ווילן אייך אויך געבן אַן איינלאַדונג.

וועגן דעם, וועגן דער איינלאַדונג, צום סוף פון אונזער שמועס. דאָ ווילן מיר אָנהויבן מיט דעם פאָלגנדיקן פאַקט:

דעם 3־טן יולי האָט דער „טיקער" (נייעס־אַפּאַראַט) פון דער „יונאַי־טעד פרעס אינטערנעשאַנאַל", וואָס געפינט זיך אין די אידישע רעדאַקציעס, ווי אין די רעדאַקציעס פון די ענגלישע צייטונגען, געבראַכט אַזאַ נייעס פון סאַן־פראַנציסקאָ:

„די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווערט צעשיקט דורך דער פּאָסט איבער אַמעריקע, איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי גרויס ווי איצט. אָט אַזוי האָט דערקלערט העראַלד סאַקס, אַדמיניסטראַטיווער דירעקטאָר פון דער אַנטי־דעפאַמעישאַן ליג פון בני ברית".

איז דאָס וויכטיגע נייעס פאַר אַ אידישער צייטונג? געוויס! טאָ זעט וואָס דערמיט האָט פּאַסירט.

דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָט די נייעס געבראַכט אויף מאָרגן, דעם 4־טן יולי, אָבער קיין שום עדיטאָריעל וועגן דעם האָט די צייטונג אויף מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן, ניט געדרוקט! דער „פאָרווערטס" האָט עס געמאַכט נאָך „בעסער": ער האָט אפילו די נייעס ניט געדרוקט, ריכטיגער — ער האָט די נייעס אונטערדריקט!

די „מאָרגן־פרייהייט", וועלכע גייט צום דרוק יעדן טאָג עטוואָס פריער ווי די אַנדערע אידישע צייטונגען (צוליב טעכנישע אורזאַכן), האָט די נייעס פונם „טיקער", ליידער, ניט פאַרכאַפּט. דעם 4־טן יולי איז דאָרט די נייעס דעריבער ניט דערשינען. זי האָט אָבער געהאַלטן פאַר איר חוב באַלד אָפּ־צודרוקן אַן עדיטאָריעל וועגן דעם. אויף מאָרגן, דעם 5־טן יולי, איז דער עדיטאָריעל דערשינען. עס איז ניט נאָר איבערגעגעבן געוואָרן, וואָס מר. העראַלד סאַקס פון דער אַנטי־דעפאַמעישאַן ליג האָט געזאָגט, נאָר עס איז

אויך געשטיצט געוואָרן זיין פאָדערונג פאַר אַ געזעץ געגן פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטישע, אָדער יעדע ראַסן־פּראָפּאַגאַנדע דורך דער פּאָסט!

* * *

און איצט — נאָך אַ פאַקט פון דער סאַמע לעצטער צייט.

פרייטאָג, דעם 29־טן יוני, איז אין די אידישע רעדאַקציעס אָנגעקומען אַ „רעליס" — אַ שטיק נייעס — פון דעם אָפיס פון אידישן וועלט־קאָנגרעס אין ניו יאָרק, אין וועלכן עס איז געמאָלדן געוואָרן, אַז די דאָזיגע קערפּער־שאַפט רופט אַ ספּעציעלע זיצונג אין חודש אויגוסט, אין זשענעווע, צו באַ־טראַכטן די זייער ערנסטע פראַגע וועגן דער געפאַר פון אַנטיסעמיטיזם און נעאָ־נאַציזם.

אַז דאָס איז וויכטיגע נייעס איז קיין פראַגע ניט. וואָס־זשע האָט אָבער פּאַסירט? דער „פאָרווערטס" און דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" האָבן די מעל־דונג באַהאַנדלט ווי אַ מינדערוויכטיגע שטיקל נייעס — אונטער אַ קליי־נעם קאָפּ...

אינטערעסאַנט איז דאָס פאָלגנדיגע. דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" איז אַ ציוניסטישע צייטונג. די פירער פונעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, מיט דר. נחום גאָלדמאַן בראש, זיינען אָנגעזעענע ציוניסטישע פירער, פונדעסט־וועגן האָט די צייטונג זיך באַצויגן אַזוי גלייכגילטיג צו די נייעס.

WEEK-END EDITION

Vol. XLII, No. 14.666 | 16 Pages | New York | 26 | Sunday, June 30, 1963 | זונטאָג, יוני 30, 1963 | Price 15 cents

# אידישער וועלט קאָנגרעס רופט ספּעציעלע סעסיע וועגן געפאַר פון אַנטיסעמיטיזם און נעאָ־נאַציזם

## ווילנער אידן אין ישראל פאָדערן, עסטרייך זאָל באַשטראָפן מערדער

(ספּעציעל צו דער „מאָרגן־פרייהייט")

תל־אביב, ישראל (לופטפּאָסט). — די עפנטלעכע מיינונג אין ישראל, און...

...1943—1941

די פאַרשפּרייטונג פון אינטערנאַ־ציאָנאַלן אַנטיסעמיטיזם און נאַצי־פאַשיסטישע באַוועגונגען וועט דיס־קוטירט ווערן ביי א וועלט פאַרזאַמ־לונג פון פירער פון אידישן וועלט־קאָנגרעס, אין מאָנטרע, שווייץ, פון 11טן ביז'ן 13טן אויגוסט, 1963.

די פאַרזאַמלונג וועט געפירט ווערן דורך דר. נחום גאָלדמאַן, פּרעזידענט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס, און צווישן די אָנטיילנעמער וועלן זיין מר. סעמיועל בראָנפמאַן פון מאָנטרעאַל, וויצע־פּרעזידענט און פאָרזיצער פון צפון־אַמעריקאַנער עקזעקוטיוו פון אידישן וועלט־קאָנגרעס: מר. ישראל...

(סוף אויף זייט 4)

עס קומט, פאַרשטייט זיך, דער „מאָרגן־פרייהייט" קיין דאַנק ניט פאַר־וואָס זי האָט די נייעס געדרוקט אויבן־אָן (זע פאָטאָסטאַט). קיין ציוניסטישע

ציי‏טונג איז די „מארגן־פרייהייט" ניט. אָבער דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן ענין וואָס איז וויכטיג פאַר אַלע אידן!

ניט נאָר האָט די „מארגן־פרייהייט" געדרוקט די נייעס אויבן־אָן, נאָר זי האָט אין אַן עדיטאָריעל מיט עטלעכע טעג שפּעטער, דעם 3־טן יולי, גע־שטיצט דעם וועלט־קאָנגרעס, געלויבט אים פאַר זיין אַרבעט אין קאַמף געגן אַנטיסעמיטיזם און נאַציזם.

* * *

מיר בעטן אייך נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן אויף דעם פּאָטאָסטאַט, וואָס מיר האָבן דאָ נאָר־וואָס געבראַכט.

איר וועט דאָרט אויך זען די נייעס: „ווילנער אידן אין ישראל פאָ־דערן עסטרייך זאָל באַשטראָפן מורער'ן". אויב איר זייט אַ ווילנער, אָדער איר זייט באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער ווילנער געטאָ, ווייסט איר ווער פראַנץ מורער איז. אויב ניט, דאַרפט איר וויסן, אַז פראַנץ מורער איז געווען איינער פון די הויפּט־הענקער וואָס האָבן אומגעבראַכט די אידן אין דער ווילנער געטאָ.

קוקט אַריין אין דעם בוך פון אברהם סוצקעווער, „ווילנער געטאָ", וועט איר זען אַ באַשרייבונג ווי אַזוי מורער האָט דעם אַלטן, 85־יאָריקן באַ־וואוסטן אידישן כלל־טוער פון ווילנע, דר. יעקב וויגאָדסקי, אַראָפּגעוואָרפן פון אַלע טרעפּ, ווען ער איז געקומען משתדל זיין זיך פאַר די ווילנער אידן. דער אַלטער צעבלוטיקטער דר. וויגאָדסקי איז אינגיכן געשטאָרבן. דאָס איז געווען אין אָנהויב פון דער ווילנער געטאָ. און באַלד האָט מען אָנגעהויבן אַרויספירן די ווילנער אידן צום מאַסן־קבר אין דער געגנט פון „פּאָנאַר", וואו צענדליקער טויזנטער אידן פון ווילנע און אומגעגנט זיינען אומגעקומען.

ווי איר וועט זען, קומט די נייעס וואָס מיר האָבן געדרוקט, פון תל־אביב. דאָרט האָבן ווילנער אידן פּראָטעסטירט געגן דעם געריכט אין עסטרייך, וואָס האָט מורער'ן באַפרייט. עס זיינען אויפגעדעקט געוואָרן שענד־לעכע זאַכן דערביי. די „עדות", וועלכע האָבן אויפן פּראָצעס געגן מורער'ן דערקלערט אַז ער איז אומשולדיג, זיינען אַליין פאַרברעכער, האָבן אין דער ווילנער געטאָ צוזאַמען מיט אים געהוליעט בשעת אידן זיינען געפירט געוואָרן צו דער שחיטה. אַזוי אַז דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ציי‏טונג „הארץ" (האארעץ) פון תל־אביב האָט געשריבן:

„איך דענק אַז אויך אייכמאַן וואָלט אַרויס פריי ווען זיין פּראָצעס וואָלט פאָרגעקומען אין עסטרייך".

מיר פאַרשפּאָרן גאָר זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך איינע פון די

שרעקלעכסטע זאַכן! מערדער, וועלכע האָבן זיך געבאָדן אין טייכן אידיש בלוט, ווערן באַפרייט!

פרעגט זיך אַ פראַגע: איז געוועזן די אויפגאַבע פון אידישע צייטונגען אין ניו יאָרק צו אויפהויבן אַ געשריי, מאַכן אַ געוואַלד, מאָביליזירן די אידן אין ניו יאָרק, ספּעציעל די ווילנער לאַנדסלייט, צו פּראָטעסטירן??!

געוויס! קיין שום פראַגע ניט! וואָס־זשע האָט אָבער פּאַסירט?

די סאַמע ערשטע נייעס וועגן מורער׳ס באַפרייאונג איז דערשינען אין דער „ניו יאָרק טאַימס״, פרייטאָג, דעם 21־טן יוני. אין אַ טעלעגראַמע פון דער ענגלישער „רויטערס״ נייעס־אַגענטור פון ווין. די „מאָרגן־פרייהייט״ האָט באַלד אָפּגעדרוקט די נייעס, אין איר סוף־וואָך נומער, דאַטירט זונטאָג, יוני 23, אָבער וואָס געפינט זיך שוין אויף די סטענדס אין ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט שבת. אָט זעט ווי די נייעס איז דערשינען אין דער „מאָרגן־פרייהייט״:


WEEK-END EDITION

Vol. XLII, No. 14,660 | 16 Pages | New York | 26 | Sunday, June 23, 1963 | 1963 ,23 יוני | Price 15 cents

נאַצישער מערדער פון אידן אין ווילנע, מורער, באַפרייט דורך געריכט אין עסטרייך

או טאַנט אויף באַזוך אין אונגאַרן און בולגאַריע

ווידעראַמאָל, עס קומט דער „מאָרגן־פרייהייט״ קיין דאַנק ניט פאַר דרוקן די נייעס און אַזוי פּראָמינענט. ווי דען אַנדערש? דאָס איז דאָך דער עלע־מענטאַרער חוב פון אַ אידישער צייטונג!

וואָס־זשע האָט אָבער פּאַסירט מיט די צוויי אַנדערע אידישע צייטונגען אין ניו יאָרק, „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״ און „פאָרווערטס״?

זיי האָבן די נייעס וועגן מורער׳ס באַפרייאונג איגנאָרירט! אומגלויב־לעך, אָבער ליידער אַ פאַקט! און אויך פון די נייעס וועגן די פּראָטעסטן אין ישראל האָבן זיי קיין גרויסן וועזן ניט געמאַכט.

פאַרוואָס? ווי אַזוי דערקלערט מען דאָ? וועגן דעם וועלן מיר האָבן עפּעס צו זאָגן שפּעטער. אָבער אָט איז דער רעזולטאַט: בשעת אין מדינת ישראל זיינען ווילנער און אַנדערע אידן אויפגעברויזט און זיי פּראָטעסטירן, איז דאָ אין אַמעריקע, אין דעם גרעסטן אידישן ישוב, מיט ממש צענדליקער טויזנטער ווילנער אידן, שאַ־שטיל...

די „מאָרגן־פרייהייט“ לאָזט ניט אָפּ דעם ענין! זי האָט געדרוקט עדי־טאָריעלס וועגן דעם! און ווען עס איז אָנגעקומען נאָך נייעס פון מדינת ישראל וועגן די פּראָטעסטן קעגן דער באַפרייאונג פון דעם אידן־מערדער פראַנץ מורער, האָט זי ווייטער געדרוקט די נייעס — און אויפ׳ן פּראָמי־נענטסטן שטייגער. דעם 3־טן יולי האָט זיך די הויפּט־נייעס אין דער „מאָרגן־פרייהייט“ געלייענט אַזוי:

Vol. XLII, No. 14,669 | 8 Pages New York | 26 | Wednesday, July 3, 1963 | מיטוואָך, יולי 3, 1963 | Price 10 Cents

ישראל־יוגנט דעמאנסטרירט געגן באַפרייאונג פון מורער, נאַצי־מערדער פון אידן אין ווילנע

תל אביב, יולי 2 (יונאַיטעד פּרעס אינטערנעשאַנעל). — הונדערטער ישראליוגנטלעכע, מראווייט...

העגעדי־פּויפּסט מיטינג: ריידן

קענעדי באַגעגנט מיט מאַליאַמי

דאָס איז פּשוט אַן עלעמענטאַרע זאַך: אָט אַזוי דאַרף זיך פירן אַ אי־דישע צייטונג, ניין?

צופיל ווילנער אידן לייענען נאָך, לײדער, ניט די „מאָרגן־פרייהייט“ — ווייסן זיי ניט וועגן דער גאַנצער שענדלעכער געשיכטע, וועגן דער באַפרייאונג פון דעם מערדער פון זייערע שוועסטער און ברידער...

* * *

יעדער אָרנטלעכער איד, אַלץ איינס צו וועלכער ריכטונג ער זאָל ניט געהערן, אָדער צו קיין שום ריכטונג, וועט מוזן אָנערקענען, אַז אַזאַ האַנדלונג מצד דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל“ און דעם „פאָרווערטס“ איז שעדלעך, — שעדלעך ביז גאָר! עס פאַרשטייט זיך, אַז די צוויי צייטונגען האָבן אַ פאַר־ענטפערונג. אַ שלעכטע, לויט אונזער מיינונג, אָבער פאָרט אַ פאַרענטפערונג.

זיי האַלטן, אַז אַזאַ לאַנד ווי עסטרייך געהערט צו דער „פרייער וועלט“. און דער פאַקט וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון עסטרייך איז אַ טייל פון דער רעגירונגס־מאַכט דאָרטן, באַוועגט די צייטונגען, ספּעציעל דעם „פאָרווערטס“, צו פאַרקוקן אַזעלכע זאַכן ווי די באַפרייאונג פון דעם מאַסן־מערדער פראַנץ מורער.

אָבער ניט נאָר וועגן עסטרייך אַליין האַנדלען זיי אַזוי. איר וועט זען דאָ אין דעם ביכל אַן אַרטיקל פון חיים סולער. דערציילט זיך דאָרט וועגן דער סוואַסטיקא־מגפה, וועגן דער גרויסער געפאַר פון נעאָ־נאַציזם אין מערב־דייטשלאַנד. עס ווערט באַוויזן ווי אַזוי דער „פאָרווערטס“ זוכט צו פאַר־

שווייגן די דאָזיקע געפאַר. פאַרקערט, מערב־דייטשלאַנד, דער אַדענאַוער רעזשים, ווערט אַרויסגעשטעלט ווי אַן עכט דעמאָקראַטישער. ווידעראַמאָל — אַ טייל פון דער „פרייער וועלט". און צוליב דעם פאַרשווייגט מען זאַכן, וואָס שרייען צום הימל!



האַנס גלאָבקע

מיר בעטן אייך אַ קוק טאָן אויף דער פאָטאָגראַפיע, וואָס מיר דרוקן דאָ. דאָס איז אַ בילד פון דר. האַנס גלאָבקע, אָנגעטאָן אין אַ נאַצישן מונ־דיר, מיטן סוואַסטיקאַ־צייכן אויף זיין היטל, מיט נאַצישע מעדאַלן. דר. גלאָבקע איז געווען אַ וויכטיקער באַאַמטער אין דעם נאַצישן אינערן־מי־ניסטעריום, מיט׳ן טיטול „מיניסטעראַל־ראַט". אָבער דאָס איז ניט אַלץ. זיין ראָל אין היטלער׳ס מיניסטעריום איז געווען — עקספּערט איבער דער אידן־פראַגע. דר. האַנס גלאָבקע איז געווען איינער פון היטלערס עקס־פּערטן וואָס האָבן פאַרפאַסט און אויסגעטייטשט די טרויעריג־באַרימטע ני־רענבורגער געזעצן אויסצוראָטן דאָס אידישע פאָלק!

דאָס אָרט דערלויבט דאָ ניט אַריינצוגיין אין דער שרעקלעכער ראָל, וואָס גלאָבקע האָט אויסגעפּירט אויפ׳ן געביט פון העלפן אומברענגען די זעקס מיליאָן אידן. די „מאָרגן־פרייהייט" האָט אַ סך געשריבן וועגן דעם — און

העקרט ניט אויף צו שרייבן. אָבער דער זעלביגער גלאָבקע, וועלכער איז געווען אַ וויכטיגער באַאַמטער ביי היטלער'ן, איז איצט, יאָרן לאַנג שטאַטס־סעקרעטאַר ביי אַדענאַוער'ן! ער איז דער שעף (הויפּט) פון דער רעגירונג אין באָן, אַדענאַוער'ס רעכטע האַנט!

קאָנט איר זיך אָבער פאָרשטעלן, אַז אידישע צייטונגען זאָלן וועגן דעם שווייגן?

ליידער, איז דאָס אַ פאַקט. דער „פאָרווערטס" און דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" שווייגן וועגן גלאָבקע'ן. ניין, נאָך ערגער: זיי שטעלן אַרויס די רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד, וואו גלאָבקע איז אַ וויכטיגע קראַפט, ווי אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג, אַ טייל פון דער „פרייער וועלט"!

אין מערב־דייטשלאַנד ווערן כסדר באַפרייט אידן־מערדער, פּונקט ווי מורער איז באַפרייט געוואָרן אין עסטרייך. אָבער דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" און דער „פאָרווערטס" מאַכן אַ שוויג וועגן דעם. אויב מ'גיט זיך אַמאָל אַ קרום וועגן עפּעס, בלייבט עס ביי זיי פונדעסטוועגן פאַרט, אַז דער באָן־רעזשים איז אַ טייל פון דער „פרייער וועלט". און דאָס וואָס היטלער'ס גענעראַלן, וועלכע זיינען איינגעטונקט אין אידיש בלוט, זיינען די גענעראַלן פון דער ניי־געשאַפענער אַרמיי פון מערב־דייטשלאַנד, פון דער „בונדעס־ווער", אַרט אויך ניט די צוויי אידישע צייטונגען.

* * *

טייערער פריינט! מיר זאָגן דאָס אַלץ מיט ווייטאָג. מיר וואָלטן געווען גליקלעך, ווען אַלע אידישע צייטונגען געדענקען דעם לאָזונג פון די העלדן פון דער וואַרשעווער געטאָ, פון אַלע אונזערע קדושים און מאַרטירער: „ניט פאַרגעסן און ניט פאַרגעבן!"

יעדער איינער וואָס איז געווען אין געטאָ, אין די לאַגערן, ווייס וואָס היטלער'ס גענעראַלן האָבן געטאָן. פרעגט ביי די קאַצעטלער, וועלן זיי אייך זאָגן!

איינער פון די גענעראַלן איז אַדאָלף הויזינגער. ער איז געווען איי־נער פון די סטראַטעגן פון דעם בלוטיקן מאַניאַק, היטלער. און ניט נאָר דאָס.

פאַראַן אין דער רעדאַקציע פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" אַ שרייבער מיט'ן נאָמען דר. הלל זיידמאַן. אין די יאָרן פון דער מלחמה איז ער געווען אין דער וואַרשעווער געטאָ — פון וואַנען ער האָט זיך מיט נסים געראַטעוועט. אָט־דער דר. זיידמאַן האָט אויסגעמאַכט אַ געשוואָרענעם אַפידעוויט, אין וועלכן ער האָט געשריבן, אַז אין ווינטער פון 1942־1943, ערב דעם געטאָ־אויפשטאַנד, איז אַדאָלף הויזינגער געקומען קיין וואַרשע —

„אַכטונג צו געבן, אַז די פאַרניכטונג פון אידן זאָל דורכ־

געפירט ווערן ראַיעל און פּינקטלעך".

דעם אַפידעיוויט האָט דר. זיידמאַן איבערגעגעבן אין דעם מערב־דייטשן קאָנסולאַט אין ניו יאָרק. און די פאַקטן וועגן הויזינגער'ן האָט דר. זיידמאַן,



אַדאָלף הויזינגער

דער מיטאַרבעטער פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", איבערגעגעבן — ניט אין דער צייטונג, נאָר אין דעם וואָכנבלאַט פון אגודת ישראל אין פּאַריז...

פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" ניט דערלאָזט, אַז זיין אייגענער מיטאַרבעטער זאָל ביי אים, אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" דער־ציילן וועגן דעם?

ווייל הויזינגער זיצט אין וואַשינגטאָן, אין פּענטאַגאָן (מיליטערישן שטאַב), ווי דער הויפּט פון דער מיליטערישער קאָמיסיע פון דער „נאַטאָ". איז דאָס אַליין אַן אַנדער פראַגע. עס איז באמת אַך און וויי, צו וואָס עס קאָן דערגיין ווען מען פּראַוועט די קאַלטע מלחמה. אַ מערדער איז אַ מערדער! און אַ מערדער, אַ אידן־מערדער, אַדאָלף הויזינגער, טאָר ניט נאָר ניט זיין אין וואַשינגטאָן, נאָר דאַרף געשטעלט ווערן צום משפּט פאַר זיינע פאַר־ברעכנס! אָבער גראָד דערפאַר טאַקע, וואָס הויזינגער איז כשר אין וואַ־שינגטאָן, פירן ניט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" און דער „פאָרווערטס" קיין קאָמפּעין קעגן אידן־מערדער, וואָס געפינט זיך צווישן אונדז — דאָ אין אַמעריקע.

* * *

און — נאָר ער ?

אין קאַליפאָרניע געפינט זיך איינער מיט'ן נאָמען אַנדרעי אַרטוקאָ־וויטש, וועלכער איז געווען דער אינערן־מיניסטער פון היטלער'ס פּופּן־רעגירונג אין קראָאַטיע, און ער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין אויס־ראָטן אידן.

אין פילאַדעלפיע געפינט זיך איינער אימפּוליאַוויטשיוס, וועלכער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין אויסראָטן די אידן אין מינסק און אַנדערע ערטער.

אין דעטראָיט געפינט זיך איינער טריפאַ, וועלכער האָט געהאָלפן איינ־אָרדענען די בלוטיקסטע פּאָגראָמען אין רומעניע.

אין שיקאַגאָ געפינט זיך איינער פּאַשקעוויטשיוס, וועלכער האָט גע־האָלפן אויסראָטן די אידן אין ליטע.

נאָך און נאָך אידן־מערדער זיינען פאַראַן דאָ אין לאַנד — אונגאַרישע, אַזוי־גערופענע „פרייהייט־קעמפער", אוקראַינער, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די נאַציס ביים אויסראָטן אידן.

וועגן דעם אַלאַרמירן פאַרשיידענע פּערזענלעכקייטן דאָ אין לאַנד. ראַבאַי ס. יאָמפּאָל און אַנדערע פון שיקאַגאָ, אַ ריי פּערזענלעכקייטן אין ניו־יאָרק הערן ניט אויף צו וועקן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון אַמעריקע וועגן די אידן־מערדער.

דער באַוואוסטער סענאַטאָר וועין מאָרס, פון וואַשינגטאָן סטעיט, האָט פון דער טריבונע פון סענאַט, אַזוי לאַנג צוריק ווי דעם 19טן אַפּריל, 1961, אויפגעדעקט די בלוטיגע ראָל פון דעם אויבן־דערמאָנטן אַדאָלף הויזינגער.

און דאָך! עס איז אַ וויי־טאָג און אַ שאַנד צו זאָגן: דער „פאָרווערטס" און דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" פאַרנעמען זיך גאָר ווייניק מיט אַזאַ וויכ־טיגן ענין.

יאָ, געוויסע אויסנאַמען זיינען פאַראַן. עס איז דאָ אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" אַ שרייבער מיטן נאָמען ד״ר. חיים שאָשקעס. ער איז עטלעכע מאָל געווען אין ווילנע און דאָרט האָט מען אים געפרעגט: פאַרוואָס שווייגט איר וועגן די אידן־מערדער? דאַרף מען דאָ צוגעבן, אַז אין אַ פּאָר פון זיינע אַרטיקלען האָט ער יאָ דערמאָנט וועגן די מערדער. אָבער דאָס אַליין! קיין שום עדיטאָריעל, קיין פאָדערונג מ'זאָל די אידן־מערדער שטעלן צום משפט!

ווי זאָגט אַ ווערטל: דער אויסנאַם באַשטעטיגט דעם כלל. ד״ר. שאָשקעס עטלעכע אַרטיקלען דאַרפן באַגריסט ווערן. אָבער דער כלל איז, אַז וועגן די אידן־מערדער, וואָס געפינען זיך דאָ אין לאַנד, פּונקט ווי וועגן הויזינ־גער'ן, גלאָבקע'ן און די אַנדערע היטלערשע פאַרברעכער אין מערב־דייטש־

לאַנד, פונקט ווי וועגן דעם מערדער פון די ווילנער אידן, פראַנץ מורער, איז — שאַ־שטיל. און מעגן די אידן אין מדינת ישראל ווי שרייען און אַלאַרמירן — „דאַרף" מען אַלץ שווייגן...

* * *

אַז דאָס איז אַ טראַגישע סיטואַציע, מוז יעדער אָרנטלעכער איד אָנ־ערקענען. עס איז ניטאָ קיין פאַרענטפערונג אויף דעם! אַ אידישע צייטונג וואָס פירט זיך אויף אַזוי — דינט ניט אירע לייענער, דינט ניט די אינטע־רעסן פון אידישן פאָלק.

אַ אידישע צייטונג, ווי יעדער איינער וועט צוגעבן, איז אַ צייטונג וואָס האָט אינזינען די אינטערעסן פון אידישן פאָלק און וואָס געדענקט דעם אַנזאָג פון אונזערע קדושים, מאַרטירער און העלדן: ניט פאַרגעסן און ניט פאַרגעבן.

אַ אידישע צייטונג מוז העלפן באַקעמפן דעם אַנטיסעמיטיזם דאָ אין לאַנד און טאָר ניט פאַרשווייגן וועגן דער פאַרשטייער פון דער אַנטי־דעפאַ־מעישאָן ליג, ווי מיר האָבן געזען צום סאַמע אָנהויב, קומט אַרויס מיט אַ וואָרנונג!

אַ אידישע צייטונג טאָר ניט מיד ווערן און כסדר, אָן אויפהער, אויפ־דעקן די אידן־מערדער וואָס געפינען זיך דאָ אין לאַנד! זיי פאַרפעסטן די לופט פון אונזער שיינער אַמעריקע! זיי זיינען אַ פאַרשוועכונג פון די פרייהייט־אידעאַלן פון אונזער לאַנד!

נאָך אַמאָל: עס קומט ניט קיין דאַנק דער „מאָרגן־פרייהייט", וואָס זי הערט ניט אויף צו זיין אויף דער וואַך, אָבער זי טוט איר חוב. מיר קריגן בריוו פון אויסלאַנד וועגן דעם. אונזער מיטאַרבעטער חיים סולער האָט שוין אָפּגעדרוקט צענדליגער אַרטיקלען אין דער „מאָרגן־פרייהייט" וועגן די אידן־מערדער — און ער הערט ניט אויף!

מיר וואָלטן געקאָנט און געדאַרפט גיין ווייטער, אָבער דאָס אָרט דער־לויבט ניט מער. זאָל נאָר בקיצור געזאָגט ווערן, אַז דאָס אידישע פאָלק איז פאַראינטערעסירט אין פרידן און יעדער אויסדרוק פון און פאַר פרידן דאַרף קריגן אַן אָפּקלאַנג אין אַ אידישער צייטונג. אָבער די לאַגע איז אַזאַ: ווען אַזאַ פערזענלעכקייט ווי ראַבאַי אבא הלל סילווער קומט אַרויס פאַר פרידן, אָדער ווען די רבנים און ראַבאַיס קומען אַרויס פאַר פרידן, אָדער טויזנטער פּראָפעסאָרן פון אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן קו־מען אַרויס פאַר פרידן, אָדער אַזאַ אַרבעטער־פירער ווי פרענק ראָזענבלום פון דער אַמאַלגאַמעיטעד (מענער־שניידער יוניאָן) קומט אַרויס פאַר פרידן,

איז די „מאָרגן־פרייהייט״ די איינציגע אידישע צייטונג וואָס באַריכטעט וועגן דעם!

מיר וואָלטן ניט געוואָלט די מאָנאָפּאָליע אויף די אַלע זאַכן. אָבער אַזוי זאָגן אונז די פאַקטן! נאָר די „מאָרגן־פרייהייט״ שרייבט וועגן דעם.

איר דאַרפט אונז ניט גלויבן אויפ׳ן וואָרט. לייענט איבער די עט־לעכע אַרטיקלען דאָ אין דעם ביכל פון חיים סולער, דוד מאַטיס, ס. ד. לעווין, און — דער עיקר — לייענט די „מאָרגן־פרייהייט״, וועט איר זיך איבער־צייגן אין דעם.

מאַכט אַ פּראָבע: הויבט אָן לייענען די „מאָרגן־פרייהייט״, וועט איר זיך אין אַ קורצער צייט, אין אַ חודש־צוויי, איבערצייגן, אַז אַלץ וואָס מיר זאָגן דאָ איז ריכטיג.

מיר זיינען זיכער, אַז אייך גייען אָן די אידישע אינטערעסן. צו וועלכער ריכטונג איר זאָלט ניט געהערן — זייט איר ווילקאָמען, זייט איר פריינט־לעך איינגעלאַדן צו מאַכן די פּראָבע — אין די אינטערעסן פון אידישן פאָלק, אין אייערע אייגענע אינטערעסן.

מיר האָפן, אַז איר וועט די איינלאַדונג אָננעמען.

מיט פריינטלעכן גרוס,

פּ. נאָוויק

רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן־פרייהייט״

# די געפאַר פון נעאָ־נאַציזם

## פון חיים סולער

### די ווענדונג פון אידישע אָרגאַניזאַציעס

דער אידישער וועלט־קאָנגרעס האָט סוף 1962 פאַרעפנטלעכט אַ באַ־ריכט וועגן אַ נאַציישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז טעטיג אין אַ גרויסער צאָל לענדער פון מערב־אייראָפּע, אין לאַטיין־אַמעריקע, אין אַפריקע, אויסטראַליע און אין די פאַראייניגטע שטאַטן.

די אידישע מלחמה־וועטעראַנען האָבן אָנהויב 1963 זיך געווענדעט צו דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן מיט אַ פאַרלאַנג, אַז מען זאָל אויפהערן אַריינ־צולאָזן אין לאַנד מלחמה־פאַרברעכער.

פאַראַנטוואָרטלעכע אידישע אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי דער אידישער

וועלט־קאָנגרעס און די אידישע מלחמה־וועטעראַנען אין אַמעריקע, ווי אויך פּראָמינענטע אידישע פירער אין פאַרשיידענע טיילן וועלט, צווישן זיי דר. נחום גאָלדמאַן, פּרעזידענט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס און דר. נחמיה ראָבינזאָן, דירעקטאָר פון דעם אינסטיטוט פאַר אידישע ענינים ביים אידישן וועלט־קאָנגרעס, אַלאַרמירן כסדר די עפנטלעכע מיינונג און ספּעציעל די ברייטע אידישע מאַסן וועגן דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון די נעאָ־נאַציס אין אַ צאָל לענדער, ווי אויך ביי אונז אין אַמעריקע. זייער אַלאַרם איז באַזירט אויף פאַקטן.

## נאָר „קרענקס" און רעקעטירס?

לײדער געפינען זיך קרעפטן אויך אויף דער אידישער גאַס, וואָס זוכן צו איינשלעפערן די אידישע מאַסן בנוגע דעם וואוקס פון נעאָ־נאַציזם און בכלל אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט די פאַקטן. אַזוי, צום ביישפּיל, איז אַזוי לאַנג צוריק ווי דעם 30טן דעצעמבער, 1959, דערשינען אין „פאָרווערטס" אַ לייט־אַרטיקל, וואָס האָט דערקלערט:

„אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה האָט היטלער אויסגעגעבן מיליאָנען דאָלאַר אויף צו פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע און אויפצובויען אַ נאַצישע פּאַרטיי אין אַמעריקע.

„די איצטיקע ,אָרגאַניזאַציעס' באַשטייען פון קליינע גרופּקעס אַנטיסעמיטישע קרענקס און רעקעטירס, וואָס האָבן קיין שום איינפלוס ניט אויף קיינעם. עס איז ניטאָ קיין שום געפאַר, אַז זיי זאָלן ווען עס איז באַקומען אַן איינפלוס. אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז ניטאָ קיין איין צייטונג, וואָס זאָל פּרעדיגן אַנטיסעמיטיזם".

ס'איז באמת צו דערשטוינען פון דער טראַגישער לייכטזיניקייט מיט וועלכער עס ווערט גערעדט אין דעם לייט־אַרטיקל, אַז „עס איז ניטאָ קיין שום געפאַר, אַז זיי [די נעאָ־נאַציס] זאָלן ווען עס איז באַקומען אַן איינפלוס". ס'מוזן קומען אין זכרון די פאַרזוכן פון געוויסע צייטונגען ביי אונז אין לאַנד, צווישן זיי אויך דער „פאָרווערטס", אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט אין די אָנהויב דרייסיגער יאָרן די געפאַר מצד די „קליינע גרופּקעס אַנטיסעמיטישע קרענקס און רעקעטירס", אין דייטשלאַנד, וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון היטלער'ן און זיינען געבראַכט געוואָרן צו דער מאַכט מיט דער הילף פון די מיליטער־לייט און אינדוסטריאַליסטן.

דער „באַרואיגנדיגער" לייט־אַרטיקל איז דערשינען אינעם „פאָרווערטס" סוף דעצעמבער, 1959, — פּונקט דאַן, ווען די פאַרגעשריטענע וועלט, און ספּעציעל די אידישע מאַסן, זיינען אויפגעשוידערט געוואָרן פון דער „סוואַסטיקאַ"־מגפה, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אין מערב־דייטש־

לאַנד און האָט זיך אויסגעשפּרייט, ווי אַ פלאַם פייער, איבער דער מערב־וועלט.

די „טרייסט"־ווערטער אין דעם עדיטאָריעל, אַז „די איצטיגע אָרגאַניזאַציעס" באַשטייען פון „קליינע גרופּקעס" זיינען דערשיינען געגנוי דאָן, ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער אַמעריקאַנער היטלער, דזשאָרדזש לינקאָלן ראַקוועל, האָט געגרינדעט די „אַמעריקאַנער נאַצי־פּאַרטיי", און באַריכטן פון פאַרשיידענע טיילן לאַנד האָבן איבערגעגעבן וועגן אַטאַקעס אויף אידישע צענטערס, וועגן כוליגאַנישע איבערפאַלן אויף יחידים — אידן — און וועגן העסלעכע אַנטיסעמיטישע אויסגאַבעס, וואָס ווערן פאַרשפּרייט, אָפט דורך דער פּאָסט, איבערן לאַנד.

## אָט זיינען די פאַקטן!

זינט ס'איז דערשינען אינ'ם „פאָרווערטס" פון 30טן דעצעמבער 1959 דער דערמאָנטער עדיטאָריעל האָט זיך אָבער די לאַגע, ליידער, שטאַרק פאַרערגערט. לאָמיר דערמאָנען בלויז אַ צאָל פאַקטן וועגן געוויסע געשעענישן, וואָס האָבן זיך פאַרלאָפן אין 1962 ביי אונז אין לאַנד און אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט.

1] אין דעם קריסטמעס נאַכט פון 1962 האָט אַ באָמבע אויפגעריסן אין דער שול „מחזיקי הדת" אין שיקאַגאָ. די פירער פון דער שול האָבן נאָך פריער געקראָגן בריוו פול מיט אַנטיסעמיטישע זידלערייען. די שיקאַגער פּאָליציי האָט „ניט געקאָנט געפינען" קיין שפּור פון די כוליגאַנעס...

2] אומגעפער אין דער זעלבער צייט האָבן פּראָמינענטע אידישע פירער איבערן לאַנד און אויך רעדאַקציעס פון פאַרשיידענע אידישע צייטונגען אין לאַנד, צווישן זיי אויך דער „פאָרווערטס", דערהאַלטן קאַרטלעך פון ראַקוועלס נאַצי־פּאַרטיי מיט סוואַסטיקאַס און מיט לאָזונגען: „אידן אין די גאַז־קאַמערן".

3] אַ ראַקוועל־נאַצי, אין פּאַלס טשוירטש, ווירדזשיניע, האָט דערמאָרדעט אין אָקטאָבער 1962 דעם אידישן יוגנטלעכן לואיס מ. גאָלדפיין.

4] אין יוני האָבן אַנטיסעמיטן פאַנאַנדערגעשיקט פון אַ פּאָסט־אָפיס אין יוניאָן־סיטי, ניו דזשוירזי, איבערן לאַנד הונדערט טויזנט שטיקלעך אַנטיסעמיטישע העצעס. אין דער זעלבער שטאָט, ביי ניו־יאָרק, געפינט זיך, אגב, דער אַנטיסעמיט קאָנדע מעקגינלי, וועלכער גיט אַרויס דאָס בלוט־דורשטיגע אַנטיסעמיטישע בלעטל „קאָמאָן סענס".

5] אין משך פון 1962 האָט די פּרעסע אויך באַריכטעט די פאָלגענדיגע אינצידענטן: אַנטיסעמיטן זיינען באַפאַלן אַ אידישן פּאָליסמאַן אין באָראָ פּאַרק, ברוקלין, און אים מערדערלעך צעשלאָגן; אין גרעניטש ווילעדזש, ניו יאָרק, האָבן אַנטיסעמיטן אַטאַקירט און צעבלוטיגט דעם רב קורט

פלאשער; אין קווינס, ניו־יאָרק, האָבן יונגע אַנטיסעמיטן אָנגעגריפן אי־דישע אינגלעך; שולן, סינאַגאָגעס און אידישע צענטערס זיינען געשענדעט געוואָרן מיט סוואַסטיקאס; אַנטיסעמיטישע לאָזונגען און סוואַסטיקאס ווערן אַלץ אָפטער געזען אין די וואַגאָנען און סטאַנציעס פון די ניו יאָרקער סאָבוועיס.

און ניט בלויז אין ניו־יאָרק. אין סאַן פראַנציסקאָ, קאַליפאָרניע, האָט די פּאָליציי אַנטדעקט אַ גאַנצע באַנדע אָרגאַניזירטע נאַצים, וועלכע האָבן געהאַט אַ קלוב אין דער דערבייאיקער אָוקלאַנד. אין דעם קלוב האָט די פּאָליציי געפונען היטלער׳ס בילד, סוואַסטיקאָס און נאַצישע אויסגאַבעס. מיט עטלעכע טעג איידער דער קלוב איז אַנטדעקט געוואָרן האָבן דריי פון די יונגע נאַציס פּאַרגוואַלטיגט אַ 20־יאָריגער מוטער.

מיר האָבן איבערגעגעבן בלויז געציילטע פאַקטן וועגן וועלכע די פּרעסע האָט געמאָלדן. עס קומען אָבער פאָר אַנטיסעמיטישע אויסברוכן וואָס דער־גייען ניט צו דער פּרעסע אָדער וועגן וועלכע די פּרעסע נעמט אָן אַ מויל מיט וואַסער.

## סוואַסטיקאַ בושעוועט אין אויסלאַנד

און ניט בלויז אין אַמעריקע.

אין משך פון 1962 זיינען פאָרגעקומען אין אַ צאָל לענדער אין מערב־אייראָפּע און לאַטיין־אַמעריקע אַ ריי אינצידענטן, וואָס באַשטעטיגן פאַקטיש די וואָרנונג פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס וועגן די טעטיגקייטן פון אַ נעאָ־נאַצישן און פאַשיסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אין לאָנדאָן האָבן די מאָזלי און דזשאָרדאָן פאַשיסטן און נאַציס דורכ־געפירט מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס. אין רוים, איטאַליע, זיינען נעאָ־פאַשיסטן באַפאַלן די אידישע געגנט, געשלאָגן אידן מיט גומי־שטעקנס און קייטן און געשריען, אַז זיי וועלן אויס׳הרג׳ען אַלע לעבן־געבליבענע אידן. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט... 5 אידן, וועלכע האָבן זיך געשטעלט געגן די פאַשיסטן. די פּרעסע האָט געמאָלדן, אַז אַ דעלעגאַציע פון דעם פאַרבאַנד פון אידישע קהילות אין איטאַליע האָט זיך געווענדעט צום פּרעזידענט סעני וועגן שריט געגן דער וואַקסענדיגער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע פון די פאַשיסטן. דערביי האָט די דעלעגאַציע אָנגעוויזן, אַז אַלע אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס, וואָס זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן, זיינען דורך די געריכטן באַ־פרייט געוואָרן.

אין אַרגענטינע זיינען די אַטאַקעס געגן אידן געוועזן זייער שאַרפע. די דאָרטיגע נאַציס האָבן געכאַפּט די 19 יאָריגע גראַציעלאַ גאַרציסאַ שיראָטאַ און האָבן אויסגעקריצט אַ סוואַסטיקאַ אויף איר רעכטער ברוסט. זיי האָבן אויך אויסגעקריצט אַ סוואַסטיקאַ אויף דער רעכטער באַק פון דעם 18 יאָ־

ריגן ריקאַרדאָ דעלאָסענדראָ, וועמענס מאַמע איז אַ אידישע. אַטאַקעס זיינען אויך געמאַכט געוואָרן אויף אַנדערע אידן און אידישע אינסטיטוציעס.

אין אורוגוואַי האָבן יונגע פאַשיסטן געכאַפּט די 17 יאָריגע סאָלעדאַר בארעט ווייצמאַן און פון איר געפאָדערט צו שרייען „הייל היטלער". ווען די יונגע אידישע מיידל האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן, האָבן די נאַצי־סאַדיסטן אויסגעקריצט סוואַסטיקאַס אויף אירע בײדע פיס.

ענלעכע און אויך מער ערנסטע אַנטיסעמיטישע אינצידענטן זיינען פאָרגעקומען אין משך פון יאָר אין אַ צאָל אַנדערע לענדער, ווי בראַזיל, פראַנקרייך און שוועדן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז, פאַרשטייט זיך, מערב־דייטשלאַנד.

## נאַצי־שלאַנג הויבט דעם קאָפּ אין מערב־דייטשלאַנד

די אויפלעבונג פון נעאָ־נאַציזם אין מערב־דייטשלאַנד פאַרנעמט עד היום אַ וויכטיג אָרט אין די פאַרהאַנדלונגען פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניגטע פעלקער (יו־ען). פאַרשיידענע רעגירונגען, צווישן זיי דער סאָוועטן פאַרבאַנד און פוילן, פאַרשיידענע אידישע און ניט־אידישע אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי: דער באַראַטונגס־קאָונסיל פון אידישע אָרגאַניזאַציעס, דער אידישער וועלט־קאָנגרעס, די קאָאָרדינירער באָאַרד פון אידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמט אַריין די „בני ברית", די באָאַרד אָוו דעפּיוטיס פון ענגלישע אידן און די דרום אַפריקאַנער באָאַרד אָוו דזשואיש דעפּיוטיס, און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון מערב־דייטשלאַנד, האָבן זינט 1959 צוגעשטעלט דער יו־ען באַריכטן, וואָס דערציילן וועגן דער אויפלעבונג פון נעאָ־נאַציזם אין מערב־דייטשלאַנד.

אין יאַנואַר, 1960, האָט די רעגירונג פון פוילן צוגעשטעלט דער יו־ען אַ דאָקומענט, וואָס דערציילט:

1) די רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד האָט אַראָפּגענומען דעם פאַרבאָט אויף נאַציזם;

2) היטלער׳ס עס־עס טרופּן אָרגאַניזירן זיך ווידער אין מערב־דייטשלאַנד אונטער פאַרשיידענע נעמען;

3) געוויסע פּאָליטישע פּאַרטייען אין מערב־דייטשלאַנד האָבן איבערגענומען די היטלער־פּראָגראַם;

4) אין מערב־דייטשלאַנד עקזיסטירן טויזנט מיליטערישע און האַלב־מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן איבערגענומען די ירושה פון היטלער׳ס אַרמיי און רופן צו נקמה פאַר דער פאַרלוירענער נאַצי־מלחמה;

5) די זעלבע מאַגנאַטן, וועלכע האָבן געשטיצט היטלער׳ן און געהאָלפן קומען אים צו דער מאַכט, שטיצן איצט די דאָזיגע נעאָ־נאַצי גרופּן;

6) געוויסע מיניסטאָרן אין דער רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד שטיצן און באַשיצן די דאָזיגע נעאָ־נאַצי גרופּן;

7) פיל אַקטיווע נאַציס פאַרנעמען הויכע אַמטן אין דער צענטראַלער רעגירונג ווי אויך אין די פּראָווינץ־רעגירונגען פון מערב־דייטשלאַנד;

8) די דערציאונג־סיסטעם פון דער יוגנט געפינט זיך אין די הענט פון נאַציס און מיליטאַריסטן;

9) איבער טויזנט היטלער־ריכטער, וועלכע האָבן געשיקט צום טויט אידן און אַנטי־נאַציס, פאַרנעמען וויכטיגע אַמטן אין געריכט־סיסטעם פון מערב־דייטשלאַנד;

10) די רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד האָט גענומען שריט צו פאַר־פּאָלגן און פאַרבאָטן די אָרגאַניזאַציע פון די היטלער־קרבנות.

אַז די פאַקטן שטימען מיט דער ווירקלעכקייט איז גענוג צו דערמאָנען דעם נאָמען פונ׳ם שטאַטס־מיניסטער אין מערב־דייטשלאַנד, האַנס גלאָבקע, היטלער׳ס מיטפאַרפאַסער פון די נירענבערג־געזעצן, און די נעמען פון די היטלער־גענעראַלן האַנס שפּאידעל און אַדאָלף הויזינגער, וועלכע זיינען איצט צוזאַמען מיט אַנדערע היטלער־גענעראַלן די פאַקטישע באַלעבאַטים פון דער אַרמיי פון מערב־דייטשלאַנד.

## שרייענדיגע פאַקטן פאַר דער יו־ען

דעם באַריכט פון פּוילן וועגן דער טרויעריגער לאַגע אין מערב־דייטש־לאַנד פאַרפולקאָמט אַ דאָקומענט, וואָס די קאָאָרדינער באַאַרד פון אידישע אָרגאַניזאַציעס האָט צוגעשטעלט דער יו־ען דעם 15טן יוני, 1960. אין דעם באַריכט ווערט דערקלערט:

„אין די לעצטע מאָנאַטן איז אַ גרויסער טייל פון דער וועלט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ כוואַליע פון אַנטיסעמיטישן וואַנדאַליזם, וואָס איז אייגנאַרטיג אין דער געשיכטע פון די נאָך־מלחמה יאָרן. דערמוטיגט פון דער פאַרשוועך־כונג פון דער סינאַגאָגע אין קעלן [מערב דייטשלאַנד] דעם 24טן דעצעמבער, 1959, האָט די סוואַסטיקאַ־שענדונג עפּידעמיע אָנגענומען קאָלאָסאַלע פאַר־מעזן. פון דעם 24טן דעצעמבער, 1959, ביז דעם 11טן מאַי, 1960, האָט די צאָל באַריכטעטע אַנטיסעמיטישע אינצידענטן אויף דער וועלט דערגרייכט צו 1,849. די צאָל ניט באַריכטעטע אינצידענטן איז וואַרשיינלעך צוויי אָדער דריי מאָל גרעסער״.

באמת אַלאַרמירנדיג איז געווען דער דאָקומענט, וואָס די יו־ען האָט געקראָגן דעם 27טן יוני, 1960, פון דעם באַראַטונגס־קאָונסיל פון אידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמט אַריין די אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע, די אַנגלאָ־

דזשואיש אַסאָסיעישאָן פֿון ענגלאַנד און די אַליאַנס איזראעליט פֿון פֿראַנקרייך. דער דאָקומענט שטרייכט אונטער צווישן אַנדערן:

„דער באַראַטונגס קאָונסיל פֿון אידישע אָרגאַניזאַציעס איז איבערצייגט, אַז די לעצטע אויסברוכן פֿון אַנטיסעמיטיזם זיינען ניט געקומען דורך אַ צופֿאַל... ס'איז גוט באַקאַנט, אַז נעאָ־נאַציזם און פֿאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס עקזיסטירן אין פֿאַרשיידענע מאָסן כמעט אין אַלע מערב לענדער און אַז זייער הויפּט סחורה איז אַנטיסעמיטיזם".

## סאָציאַל־דעמאָקראַטן דעקן אויף

די אָפֿיציעלע ווענדונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פֿון מערב־דייטשלאַנד צו דער יו־ען איז ניט בלויז אַ באַשטעטיגונג פֿון די אויבן געבראַכטע דערקלערונגען נאָר אויך אַ שאַרפֿע אָנקלאַגע געגן דעם גאַנצן באָן־רעזשים, וואָס דערמוטיגט, לויט אָט־דער ווענדונג, דעם נעאָ־נאַציזם. אין איר ווענדונג צו דער יו־ען האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פֿון מערב־דייטשלאַנד דערקלערט דעם 15טן יאַנואַר, 1960, צווישן אַנדערן:

„דער מזרח־מערב קאָנפֿליקט [קאַלטע מלחמה], וואָס געפֿינט זיין אויסדרוק אין נעגאַטיוון און ביליגן אַנטי־קאָמוניזם, האָט פֿאַרנומען דעם אָרט פֿון דער נויטווענדיגקייט פֿון באַהאַנדלען פּאָליטיש און גייסטרייך די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פֿאַרגאַנגענהייט אין דייטשלאַנד... דאָס אויפֿבויען פֿון מיליטערישע קרעפֿטן אין אַ צעטיילט לאַנד פֿאַרשטאַרקט דעם גלויבן, אַז די שלעכטע מעשים, וואָס זיינען אין דער פֿאַרגאַנגענהייט באַגאַנגען געוואָרן אונטערן שוץ פֿון דער דייטשישער מיליטערישער מאַשין און אירע נאַצי־פֿירער זיינען פֿאַרגעבן געוואָרן... אין דער פֿעדעראַלער רעפּובליק [מערב־דייטשלאַנד] עקזיסטירן פֿאַרשיידענע רעכטע אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן געמאַכט אַ פֿאַרזוך פֿיל מאָל אין די לעצטע פֿופֿצן יאָר צו געפֿינען אַ געמיינזאַמע פּראָגראַם און אַ ,פֿירער'. ס'איז וויכטיג צו באַגרייפֿן, אַז עס עקזיסטירט [אין מערב־דייטשלאַנד] אַן אַטמאָספֿערע, וואָס איז דערמוטיגנדיג פֿאַר נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן... געוויסע שריט פֿון דער [illegible] [רעגירונג אין מערב־דייטשלאַנד] דאַרפֿן אויך באַטראַכט ווערן אַלס דערמוטיגנדיג פֿאַר מענטשן, וועלכע זיינען דערצויגן געוואָרן אין נאַצי־גייסט..."

ס'מוז איצט, אין 1963, אונטערשטראָכן ווערן, אַז זינט די אָפֿיציעלע באַריכטן צו דער יו־ען פֿון די אידישע אָרגאַניזאַציעס און פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי וועגן דער געפֿערלעכער לאַגע אין מערב־דייטשלאַנד, וואו נעאָ־נאַציזם האָט אויפֿגעבליט און געפֿונען שוץ פֿון דער רעגירונג, האָט זיך די לאַגע היפּש פֿאַרערגערט. אויף דעם זאָגט עדות דער לעצטער

באַריכט פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין מאַי, 1963.

## אַדענאַוער׳ס מיניסטער באַריכטעט

דעם באַריכט וועגן נאַצי־פּאַרטייען אין מערב־דייטשלאַנד האָט צוגע־שטעלט דער אינערן־מיניסטער פון באָן, הערמאַן העכערל און איז פאַרעפנט־לעכט געוואָרן דורך דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, דעם 23טן מאַי, 1963. אין דעם באַריכט זוכט דער אינערן־מיניסטער פון דער באָן־רעגירונג, אין וועלכער גלאָבקע פאַרנעמט אַ חשובן אָרט, אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט די אָפענע טעטיגקייטן פון די נאַצי־גרופּן אין מערב־דייטשלאַנד.

לויט דעם באַריכט איז „די מיטגלידערשאַפט אין מערב־דייטשישע נאַ־צישע און אַנטיסעמיטישע גרופּן געפאַלן פון 56 טויזנט אין 1959 ביז 27 טויזנט מיט 600 אין 1962״. אין דער זעלבער צייט גיט אָבער צו דער אינערן־מי־ניסטער פון מערב־דייטשלאַנד, אַז די צאָל (נאַצישע און אַנטיסעמיטישע גרופּן) „איז געשטיגן פון 86 אין 1961 ביז 112 אין 1962״.

דער אינערן־מיניסטער פון מערב־דייטשלאַנד נעמט זיך אויך איבער, אַז אין 1962 זיינען פאָרגעקומען בלויז 216 אַנטיסעמיטישע אינצידענטן און דאָס איז, לויט זיין מיינונג, „אַ נאָרמאַלע צאָל״. מיט אַן אומשולדיגער מינע דער־ציילט ער, אַז די אַנטיסעמיטישע אינצידענטן זיינען „ווידער גאָר שטאַרק געשטיגן, ווען דער אייכמאַן־פּראָצעס האָט זיך געעפנט (אין ירושלים) אין אַפּריל, 1961״.

וועגן דעם כאַראַקטער פון די דאָזיגע אַנטיסעמיטישע אינצידענטן, אין 1962, וועגן וועלכע די רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד האָט זיך גענומען די טרחה צו באַריכטן, דערקלערט דער אינערן־מיניסטער:

„6 פאַלן פון פאַרשוועכן בית עולמס׳; 62 סוואַסטיקאַ־באַשמירונג אָנ־פאַלן; 75 דראָאונגען אָדער באַליידיגונגען; 28 פאַלן פון אידן באַלעסטעט דורך אַנאָנימע טעלעפאָנען אָדער דורך בריוו; 45 פאַלן פון אַנטיסעמיטישע באַמערקונגען אין פּריוואַטע שמועסן״.

צוויי געפערלעכע הויפּט־שטריכן וואַרפן זיך אין די אויגן אין אָט דעם באַריכט: ערשטנס, ווערט אין דעם גאַנצן באַריכט ניט דערציילט וועגן שטראָף־מיטלען געגן די נאַציס אין מערב־דייטשלאַנד, וועלכע האָבן דורכ־געפירט די דאָזיגע אַנטי־אידישע אַקטן. עס ווערט בלויז דערקלערט, אַז „119 פּערזאָן זיינען דערקענט געוואָרן אין שייכות מיט די דאָזיגע אַנטיסע־מיטישע געשעענישן״, און צווייטנס, די איבערוועגנדיגע מערהייט פון די „119 דערקענטע פּערזאָנען״ זיינען געווען יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געקראָגן זייער דערציאונג שוין נאָך דער היטלער־מפּלה אין 1945 און וועלכע שטעלן מיט

זיך פאַר די צוקונפט פון מערב־דייטשלאַנד. דער אינערן־מיניסטער האָט באַ־ריכטעט: פינף קינדער אונטער 14 יאָר; 18 יוגנטלעכע אונטער 20; 21 פערזאָן צווישן 20 און 30; 21 צווישן 30 און 40; 19 צווישן 40 און 50; 20 צווישן 50 און 60 און 9 איבער 60 יאָר אַלט".

## צוזאַמענפאָר פון עס־עס!

דער באַריכט פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס פאַרענדיגט זיך מיט דער באמת אַלאַרמירנדיגער באַמערקונג:

„פון דער צווייטער זייט", גיט צו דער דייטשישער (מערב־דייטשישער) מיניסטער, „אַז מען קאָן ניט לייקענען דעם פאַקט, אַז אין מערב־דייטש־לאַנד עקזיסטירן סימנים פון ערנסטע אינטערנאַציאָנאַלע באַמיאונגען צו פאַרגרעסערן געהיימע קאָנצענטרירונג פון רעכטע אָרגאַניזאַציעס. ס'זיינען געווען פאַרשידענע קאָנטאַקטן צווישן דייטשישע און פרעמדע נאַצים בנוגע דער פּלאַנירונג פון טעטיגקייט און קאָאָרדי־נאַציע פון פּראָפּאַגאַנדע.

בנוגע דער לעגאַלער נאַצי און אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע אין מערב־דייטשלאַנד דערקלערט דער באַריכט: „בעת די נעאָ־נאַצי באַוועגונג מיט־גלידערשאַפט ווערט פאַרקלענערט איז די צאָל עקזעמפּליאַרן פון געדרוקטע פּובליקאַציעס געשטיגן פון אַן ערך 130 טויזנט אויסגאַבעס אין 1959 ביז 191 טויזנט אין 1962".

בלויז געציילטע וואָכן נאָכדעם, ווי דער באַריכט פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס איז דערשינען האָט די אידישע פּרעסע פאַרעפנטלעכט, דעם 5טן יוני, 1963, דעם פאָלגענדיגן פּיל־זאָגנדיגן באַריכט פון דער אידישער טעלע־גראַפן־אַגענטור (איטא):

„באָן, מערב־דייטשלאַנד, יוני 4 [איטאַ] — געוועזענע מיטגלידער פון דער עס־עס וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אונטערן היטלער'ן אומצוברענגען די אידישע באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד און אָקופּירטער געגנט פון איראָפּע, גרייטן צו אַ צוזאַמענפאָר אין האַמעלין [מערב־דייטשלאַנד], איז דאָ באַקאַנט געוואָרן. קרבנות פון נאַציזם האָבן גלייך, ווי עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די עס. עס. מיטגלידער פּלאַנעווען אַ צוזאַמענפאָר, שאַרף פּראָטעסטירט צו דער רעגירונג [פון מערב־דייטשלאַנד] געגן דערלויבן דעם צוזאַמענפאָר. אין דעם פּראָטעסט האָבן זיך באַטייליגט צוויי אָרגאַניזאַציעס — די אינטערנאַ־ציאָנאַלע קאָמיסיע פון געוועזענע קאַצעטניקעס אין דעם נאַצישן קאָנצענטראַ־ציע לאַגער דאַכאו און די דייטש־אידישע פאַרש־גרופּע".

און וואָס איז געווען דער ענטפער פון דער רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד אויף די „שאַרפע פּראָטעסטן" פון די היטלער־קרבנות?

דער באַריכט פון דער „איטאַ“ פון באָן ענדיגט זיך לאַקאָניש: „עס איז דערקלערט געוואָרן, אַז די פעדעראַלע רעגירונג וועט ערשט דאַרפן באַשליסן, אויב דער צוזאַמענפאָר זאָל דערלויבט ווערן“.

## אַמנעסטיע פאַר נאַצי־פאַרברעכער?

דאָ דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן, אַז לויט אַ פאַראָרדענונג פון אַדענאַוער׳ס געוועזענעם קריגס־מיניסטער פראַנץ יאָזעף שטראוס זיינען אָפיצערן פון היט־לער׳ס אידן־מאָרד באַנדעס עס־עס אַריינגענומען געוואָרן אין דער נייער אַרמיי פון מערב־דייטשלאַנד, מיט דעם זעלבן ראַנג, וואָס דער נאַצי־רעזשים האָט זיי צוגעטיילט. דאָס איז, אגב, דער זעלבער פ. שטראוס, וועל־כער איז אין די לעצטע יאָרן געוועזן אַן אָפטער גאַסט אין וואַשינגטאָן, וואו ער האָט פאַרלאַנגט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אַז די מערב דייטשע אַרמיי זאָלן קריגן אַטאָם־וואָפן און אַז די היטלער־גענעראַלן, וועלכע שטייען איצט אין דער שפּיץ פון דער אַרמיי, זאָלן האָבן די דעה צו באַנוצן די וואָפן פון מאַסן־פאַרניכטונג ווען און וואו זיי אַליין וועלן באַשטימען.

אויף ווי ווייט דער גייסט פון נקמה און „פאַרגעסן אַלץ און פאַרגעבן אַלץ“ באַהערשט גרויסע און רעספּעקטאַבעלע שיכטן אין מערב־דייטשלאַנד איז צו זען פון אַ קורצער ידיעה, וואָס די „ניו יאָרק טאַימס“ האָט פאַרעפנט־לעכט דעם 7טן יוני, 1963, פון באָן.

די „ניו יאָרק טאַימס“ באַריכטעט, אַז „די מינכען אָפּטיילונג פון דער קריסטלעך סאָציאַלער יוניאָן האָט היינט געפאָדערט, אַז די רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד זאָל פּראָקלאַמירן אַן אַלגעמיינע אַמנעסטיע פאַר די דיי־טשישע מלחמה פאַרברעכער און אָפּשטעלן די משפטים פון די, וועלכע ווערן געמשפט אָדער געפינען זיך אונטער אַרעסט אין צוגרייטונג פאַר זייערע משפטים“.

אָבער דאָס איז ניט אַלץ, וואָס די מינכען־אָפּטיילונג פון דער הערשענדי־גער פּאַרטיי, פון וועלכער דער זעלבער פראַנץ יאָזעף שטראוס איז דער פי־רער, פאַרלאַנגט. דער באַריכט אין דער „ניו יאָרק טאַימס“ ענדיגט זיך מיט דעם פאָלגענדיגן חנ׳עוודיגן פּאַראַגראַף:

„כדי צו פאַרגדינגערן די פאַרפאָלגונג פון די אויסלענדישע מלחמה־פאַר־ברעכער פאָדערן די צוויי פאָרזיצער פון דער מינכען־אָפּטיילונג [פון דער רעגירונגס פּאַרטיי] די גרינדונג פון אַ צענטראַלער אַגענטור צו אונטער־זוכן די מלחמה־פאַרברעכנס, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן געגן דייטשן“.

ווען מען איבערזעצט אָט־די הויך־קלינגענדיקע פראַזן וועגן „אויסלענ־דישע מלחמה־פאַרברעכער... געגן דייטשן“ אין איינפאַכע ווערטער, מיינט

דאָס פּראָסט און פּשוט: שטעלן צום משפּט מיטגלידער פון דער רעזיסטאַנץ־באַוועגונג, פון די פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, אין דער נאַצי־אָקופּירטער אייראָפּע — אידן, רוסן, פּאָליאַקן, פראַנצויזן, האָלענדער, יוגאָסלאַוון, טשעכן — וועלכע האָבן באַקעמפט היטלער׳ן און זיינע גאָרגל־שניידער; יאָ, אפשר שטעלן צום משפּט אַלס „אויסלענדישע פאַרברעכער... געגן דייטשן" די גע־ציילטע לעבן־געבליבענע העלדן פון וואַרשע געטאָ־אויפשטאַנד!

שווער באמת צו גלויבן, אַז ווער עס איז ביים פולן זינען קאָן זיך דער־וועגן אפילו צו טראַכטן וועגן דעם. אָבער געגנוי דאָס פאָדערט אַן אָפּטיילונג פון דער הערשענדיגער פּאַרטיי אין מערב־דייטשלאַנד.

## די געפאַר פון שווייגן

עס מוז זיך שטעלן די פראַגע: איז די איינפלוסרייכע אָפּטיילונג פון דער הערשנדיגער רעגירונג־פּאַרטיי אין מערב־דייטשלאַנד ניט מער ווי „קליינע גרופּקעס אַנטיסעמיטישע קרענקס, וואָס האָבן קיין שום איינפלוס ניט אויף קיינעם", ווי דער „פאָרווערטס" האָט געשריבן אין דעם עדיטאָריעל פון דעם 30טן דעצעמבער, 1959?

טעות׳ן, פאַרשטייט זיך, קאָנען באַגיין אַלע. טעות׳ן זיינען באַגאַנגען גע־וואָרן, ווי באַקאַנט, אין געוויסע קרייזן, אויך אידישע, אין די אָנהויב דריי־סיגער יאָרן, ווען ס׳איז אונטערגעשאַצט געוואָרן די געפאַר מצד היטלער׳ס „קליינע גרופּקעס אַנטיסעמיטישע קרענקס און רעקעטירס". די „טעות׳ן" האָבן געפירט צו דער פאַרניכטונג פון צענדליגער מיליאָנען מענטשן איבער דער וועלט, אַריינגערעכנט זעקס מיליאָן אידן. האָבן אידן — אידן פון אַלע ריכ־טונגען און שאַטירונגען — געלערנט אַ לעקציע פון די טעות׳ן, וואָס האָבן אָפּגעקאָסט טייכן בלוט?

אין געוויסע אידישע קרייזן, ווי עס קוקט אויס, האַלט מען ניט אפילו פון דער וואָרנונג, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון מערב־דייטש־לאַנד האָט צוגעשטעלט דער יו״ען, דעם 15טן יאַנואַר, 1960, אין וועלכער עס ווערט אונטערשטראָכן: „דער מזרח־מערב קאָנפליקט [קאַלטע מלחמה], וואָס געפינט זיין אויסדרוק אין נעגאַטיוון און בילינגן אַנטי־קאָמוניזם, האָט פאַרנומען דעם אָרט פון דער נויטווענדיגקייט פון באַהאַנדלען פּאָליטיש און גייסטרייך די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פאַרגאַנגענהייט פון דייטשלאַנד..."

אָט דער אויספיר שפּיגלט זיך אָפּ בולט אין דעם עדיטאָריעל שוין פון דעם 5טן פעברואַר, 1962, אין „פאָרווערטס". דער עדיטאָריעל לייענט זיך טיילוויז:

## ווער שרייט „קאָמוניסטן"?

„ווען מען לייענט די קאָמוניסטישע און לינקע פּרעסע, די אַמעריקאַנער,

די אייראָפּייאישע אָדער די אַזיאַטישע, באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז דער פאַשיזם און נאַציזם האָבן אין פילע פרייע לענדער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַז די פאַשיסטישע און נאַצישע באַוועגונגען שטעלן מיט זיך פאָר אין דעם געגעבענעם מאָמענט די גרעסטע געפאַר פאַר פרידן און דער פרייהייט פון דער מענטשהייט און איבערהויפּט פאַרן אידישן פאָלק".

דער „פאָרווערטס" וואַרפט די שולד אויף דער „קאָמוניסטישער און לינקער פרעסע". אָבער קיינער ניט — אויסער די געשוואוירענע נאַציס — האָט דאָך ביז איצט באַשולדיגט די פירער פון דער קאָאָרדיניר באַאַרד פון אידישע אָרגאַניזאַציעס, פון דעם באַראַטונגס קאונסיל פון אידישע אָרגאַניזאַציעס, אָדער פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס אין „קאָמוניזם" אָדער „לינקיזם"! און עס זיינען דאָך גראָד געוועזן אָט־די אידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אין זייערע ווענדונגען צו דער יו־ען אונטערשטראָכן: „די סוואַסטיקאַ מגפה האָט אָנגענומען קאָלאָסאַלע פאָרמען"; אָדער — „די לעצטע אויסברוכן פון אַנטיסעמיטיזם זיינען ניט געקומען דורך אַ צופאַל... נעאָ־נאַציזם און פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס עקזיסטירן אין פאַרשיידענע מאָסן אין אַלע מערב־לענדער און זייער הויפּט־סחורה איז אַנטיסעמיטיזם", אָדער — „די אַקטיוויטעטן פון די נעאָ־נאַציס און נעאָ־פאַשיסטן אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט האָבן זיך אויך פאַרגרעסערט אין 1962. נעאָ־נאַצישע גרופּן האָבן זיך פלוצים באַוויזן אין אַזוינע ווייטע ערטער ווי ניי־זעלאַנד און דרום־אַפריקע. די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונג צווישן די פאַשיסטישע גרופּן איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט דורך דער עטאַבלירונג פון אַ וועלט־פאַרבאַנד פון נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אונטער דער אָנפירערשאַפט פון קאָלין דזשאָרדאַן פון ענגלאַנד און דזשאָרדזש לינקאָלן ראַקוועל אין די פאַראייניגטע שטאַטן. די נייע אָרגאַניזאַציע איז פאָרמירט געוואָרן צו קאָאָרדינירן די אַקטיוויטעטן פון 24 גרופּן אין פאַרשיידענע לענדער" (באַריכט פון דר. נחמיה ראָבינזאָן, דירעקטאָר פון אינסטיטוט פאַר אידישע ענינים ביים אידישן וועלט־קאָנגרעס, אין „קאָנגרעס באַי־וויקלי" פון 21טן יאַנואַר, 1963).

מיט אַזעלכע ערנסטע וואָרנונגען וועגן דער געפאַר פון נעאָ־נאַציזם איבער דער וועלט זיינען אין די לעצטע עטלעכע יאָר אַרויסגעקומען פאַראַנטוואָרטלעכסטע אידישע אָרגאַניזאַציעס און פּערזענלעכקייטן. מיט אַזעלכע ערנסטע טעות'ן — טעות'ן, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי פון מערב־דייטשלאַנד האָט באַצייכנט אַלס „אויסדרוק פון נעגאַטיוון און ביליגן אַנטי־קאָמוניזם" — איז דער „פאָרווערטס" אַלע מאָל אַרויסגעקומען אין די לעצטע עטלעכע יאָרן, ביים באַהאַנדלען די פּראָבלעם פון נעאָ־נאַציזם איבער דער וועלט.

און וואָס איז די שטעלונג פון די פאַראַנטוואָרטלעכע אידישע קערפּער־

שאַפֿטן און פֿון דעם „פֿאָרווערטס“ צו די וואַקסענדיקע און געפֿערלעכע טע־טיגקייטן פֿון די נעאָ־נאַציס ביי אונז אין לאַנד, אין אַמעריקע?

## האָבן קאָמוניסטן אַנטדעקט ראַקוועל׳ן?

אין דעם זעלבן עדיטאָריעל אינעם „פֿאָרווערטס“ פֿון דעם 5טן פֿעברואַר 1962 ווערט ווייטער דערקלערט:

„די קאָמוניסטן זוכן אומעטום צו אַנטדעקן פֿאַשיסטישע אָדער נאַצישע פֿאַרשווערונגען. יעדער אַרויסטריט פֿון אַ פֿאַשיסטישער גרופּע אָדער פֿון אַ צעדרייטן ראַקוועל אין אַ ווינקל ס׳איז לאַנד ווערט אין דער קאָמוניסטי־שער פּרעסע צעפּויקט. די קאָמוניסטן און זייערע אַרויסהעלפֿער אָרגאַניזירן גלייך ,אַנטי־פֿאַשיסטישע׳ דעמאָנסטראַציעס. זיי פֿאַרפֿירן בכיוון געשלעגן מיט די אָנטיילנעמער פֿון די פּראָ־פֿאַשיסטישע פֿאַרזאַמלונגען, כּדי די צײַ־טונגען זאָלן וועגן דעם וואָס מער שרײַבן און דורך דעם וואָס מער אַדווער־טאַיזן סיי די פֿאַשיסטן און סיי די קאָמוניסטישע ,קעמפֿער געגן פֿאַשיזם׳.“

מיר ווען בכיוון זיך ניט אָפּשטעלן אויפֿן סאַרקאַזם מיט וועלכן דער „פֿאָרווערטס“ רעדט וועגן די „אַנטי־פֿאַשיסטישע“ דעמאָנסטראַציעס און וועגן די „קעמפֿער געגן פֿאַשיזם“. דער ענין איז, לויט אונזער אָפּשאַצונג, צו־ערנסט אַרײַנצולאָזן זיך אין אַ פֿאַרביטערטער פֿאַרדאַמונג פֿון אַזאַ צוגאַנג — אַ פֿאַרדאַמונג, וואָס אַזאַ צוגאַנג פֿאַרדינט. אונזער אויפֿגאַבע איז אויפֿ־צוקלערן, העלפֿן דעם „פֿאָרווערטס“ פֿאַרריכטן אַן ערנסטן טעות און ציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די „פֿאָרווערטס“־לייענער צו די פֿאַקטן.

עס איז דאָך אַן אומזין, אַ געפֿערלעכער אומזין, צו ריידן מיט חוזק און שפּאָס וועגן די צענדליגער טויזנטער אידן און ניט־אידן, וועלכע האָבן גאָר לעצטנס פֿאַרטריבן די מאָזליס און דזשאָרדאַנס פֿון יעדער שטאָט אין ענג־לאַנד און האָבן געפֿונען פֿאַר נויטיק צו שאַפֿן אַן אָרגאַניזאַציע פֿון „קעמפֿער געגן פֿאַשיזם“ אין ענגלאַנד אונטערן נאָמען דער „געלער מגן דוד“. אידן און ניט־אידן, פֿון אַלע ריכטונגען און פּאָליטישער אַנגעהעריגקייט, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אָט־דער באַוועגונג אין ענגלאַנד. די טעטיגקייט פֿון די „קעמפֿער געגן פֿאַשיזם“ אין ענגלאַנד, איז אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין דער אידישער ווי אין דער ניט־אידישער פּרעסע, ווידעראַמאָל פֿון אַלע ריכטונ־גען, און איז באַגריסט געוואָרן.

און ביי אונז אין אַמעריקע, אין ניו יאָרק. דעם 25טן מאַי האָבן נאַציס אין אוניפֿאָרמען און סוואַסטיקאַס אָרגאַניזירט אַ מיטינג אין ניו יאָרק, אין יאָרקוויל, וואָס איז פֿאַר דער מלחמה, געווען דער קאָנצענטראַציע־פּונקט פֿון היטלער׳ס געגנסטערס. די אידישע מלחמה־וועטעראַנען, די וועלכע האָבן פֿאַרגאָסן זייער בלוט אין קאַמף געגן די היטלער־אַרמייען, און די לעבן־גע־

בליבענע קאַצעטלער, וועלכע זיינען דורך דעם גאַנצן היטלער־גיהינום, האָבן געראָפן די איינוואוינער פון שטאָט צו קומען דעמאָנסטרירן געגן דעם אויפלעב פון נאַציזם ביי אונז אין לאַנד. טויזנטער אידישע און ניט־אידישע „קעמפער געגן פאַשיזם" האָבן געענטפערט דעם רוף. די נאַציס זיינען באַ־פאַלן די אַנטי־פאַשיסטן. אַ צאָל נאַציס זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אָבער לויטן עדיטאָריעל פון דעם „פאָרווערטס" באַקומט זיך אַזאַ בילד: „זיי [די קאָמוניסטן] פאַרפירן בכיוון געשלעגן מיט די אַנטיילנעמער פון די פּראָ־פאַ־שיסטישע פאַרזאַמלונגען, כדי די צייטונגען זאָגן וועגן דעם וואָס מער שרייבן און דורך דעם וואָס מער אַדווערטאַיזן סיי די פאַשיסטן און סיי די קאָמוניס־טישע ,קעמפער געגן פאַשיזם'."

דערמאָנט זיך אָבער אין פריער געבראַכטע פאַקטן, וואָס ווייזן, אַז מיט „אַדווערטאַיזן" די אָפענע און געהיימע טעטיגקייטן פון די נעאָ־נאַציס אי־בער דער וועלט און ביי אונז אין לאַנד פאַרנעמען זיך אַזעלכע אָרגאַניזאַ־ציעס, ווי דער קאָאָרדיניר קאָמיטעט, מיט „בני ברית" אין דער שפּיץ, דער באַראַטונגס קאָונסיל פון אידישע אָרגאַניזאַציעס, מיט דער אַמעריקען דזשו־איש קאָמיטע אין דער פּירערשאַפט, און דער אידישער וועלט־קאָנגרעס, די אידישע מלחמה־וועטעראַנען אין אַמעריקע און די אידישע קאַצעטלער ביי אונז אין לאַנד!

## אויף דער וואַך

די „מאָרגן פרייהייט", אַלס אומאָפּהענגיקע אידישע אַרבעטער און פאָלקס צייטונג, שטייט אין דינסט פון אַלע אידישע און ניט־אידישע אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן, וועלכע נעמען ערנסט די געפאַר פון נעאָ־נאַציזם אי־בער דער וועלט און ביי אונז אין לאַנד.

די „מאָרגן פרייהייט" אינפאָרמירט ברייט אירע לייענער וועגן יעדער דערשיינונג, וואָס האָט צו טאָן מיט דער אויפלעבונג פון נעאָ־נאַציזם און פאַשיזם: די געפערלעכע טעטיגקייטן פון די ראַקוועלס ביי אונז אין לאַנד; די אונטערדריקונג פון אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַרגענטינע; די שוץ, וואָס די היטלעריסטישע אידן־מערדער קריגן ביי אונז אין לאַנד; דאָס שטעלן אין דער שפּיץ פון די מערב־אַרמייען („נאַטאָ")אַזעלכע טרויעריג באַרימטע היטלער־גענעראַלן ווי הויזינגער און שפּאַידעל און די פאָדערונג פון דער רעגירונג פון מערב־דייטשלאַנד צו אַמעריקע צו באַוואָפענען די אַרמיי פון מערב־דייטשלאַנד מיט אַטאָם־געווער און דערלויבן די אָנפירער פון אָט־דער אַרמיי, וואָס ווערט אָנגעפירט פון היטלער־גענעראַלן, צו באַנוצן די וואָפן פון מאַסן־פאַרניכטונג ווען און וואו זיי אַליין וועלן באַשטימען.

די „מאָרגן פרייהייט" האָט אייגענע קאָרעספּאָנדענטן כמעט אין יעדן

טייל וועלט און אין די גרעסערע אידישע צענטערס אין אַמעריקע. די צייטונג ברענגט אויך די פולע באַריכטן פון די פאַרשיידענע אידישע און ניט־אידישע אָרגאַניזאַציעס וועגן דעם ענין.

אַלס אומאָפּהענגיקע אידישע אַרבעטער און פאָלקס צייטונג האַלט אויך די „מאָרגן פרייהייט" פאַר איר חוב כסדר צו אונטערשטרייכן, אַז דער וואוקס פון נעאָ־נאַציזם און אַנטיסעמיטיזם איבער דער וועלט איז ענג פאַרבונדן מיט דער פּאָליטיק פון דער קאַלטער מלחמה, וועמענס לאָזונג ס'איז געוואָרן צו „פאַרגעסן און פאַרגעבן". ס'איז דעריבער ניט מער ווי פאַרשטענדלעך, וואָס די „מאָרגן פרייהייט" שטיצט מיטן גאַנצן האַרצן ניט בלויז יעדע אַנטי־נאַצי באַוועגונג און אַרויסטריט, נאָר אויך דעם פאַרלאַנג פון דעם איבערוועגנדן טייל פון דער מענטשהייט פאַר אַ סוף צו דער קאַלטער מלחמה, פאַר שלום, פאַר קאָ־עקזיסטענץ.

קאָ־עקזיסטענץ אויך אויף דער אידישער גאַס.

# מענטשן-רעכט פאַר דער יו־ען

## פון דוד מאַטיס

קאָרעספּאָנדענט פון דער „מאָרגן פרייהייט" ביי דער יו־ען

„מיר, די פאַראייניגטע פעלקער [יו־ען], זיינען אַנטשלאָסן . . . צו באַשטעטיגן אונזער גלויבן אין די פונדאַמענטאַלע מענטשן־רעכט, אין דער ווירדע און ווערט פון מענטשן, אין די גלייכע רעכט פון מענער און פרויען און פון פעלקער, גרויסע ווי קליינע . . ."

(קאָנסטיטוציע פון דער יו־ען)

זינט דעם אויסברוך פון דער סוואַסטיקאַ־מגפה אין מערב־דייטשלאַנד, סוף 1959 און אָנהויב 1960, האָט די יו־ען (פאַראייניגטע פעלקער) זיך גענומען ערנסט זוכן מיטלען אָפּצושטעלן ראַסן־העצעס און ראַסן־טעראָר. אַ וויכטיגן ביישטראָג אויף דעם געביט האָט געמאַכט די יו־ען סוב־קאָמיסיע צו פאַרמיידן דיסקרימינאַציעס און פאַר שוץ פון מינדערהייטן.

### יו־ען דעקלאַראַציע פאַר מענטשן־רעכט

די סוב־קאָמיסיע האַלט־אָפּ אירע זיצונגען יעדן יאָר אין חודש יאַנואַר.

אין יאַנואַר 1963 האָט די סוב־קאָמיסיע אויסגעאַרבעט אַ יו־ען דעקלאַראַציע געגן ראַסיזם, וואָס נעמט אַריין די פאָלגענדיקע וויכטיקע איינשטעלונגען:

יעדע טעאָריע וועגן אומגלייכהייט צווישן ראַסן אָדער ראַסן־סופּעריאָ־ריטעט (העכערקייט) איז וויסנשאַפטלעך פאַלש, מאָראַליש אָפּשטויסנדיק, סאָ־ציאַל ניט־יושרדיק און געפערלעך; קיין אונטערשייד זאָל ניט געמאַכט ווערן, קיין סעגרעגאַציע אָדער דיסקרימינאַציע זאָל ניט דערלאָזט ווערן אין פראַגן פון מענטשן־רעכט, וואָס זאָל זיך שטיצן אויף ראַסע, קאָליר אָדער עטנישן אָפּשטאַם. אָט־די איינשטעלונגען זאָלן דורכגעפירט ווערן אין לעבן, דער־מוטיקט און פאַראייביקט ווערן. אַלע לענדער זאָלן באַלד אָננעמען לעגיסלאַ־טיווע (געזעצגעבנדיקע), אַדמיניסטראַטיווע און אַלע אַנדערע געהעריקע מיט־לען צו פאַרווירקלעכן די דעקלאַראַציע. ס'איז דער חוב פון דער יו־ען אויפ־צודעקן שריט פון ראַסיסטישע דיסקרימינאַציעס מיטן צוועק צו רעקאָמענ־דירן ווירקזאַמע מיטלען דאָס צו באַקעמפן.

אַרום דער יו־ען דעקלאַראַציע געגן ראַסיזם איז אין דער סוב־קאָמיסיע געפירט געוואָרן אַן אינטערעסאַנטע דיסקוסיע. די דיסקוסיע איז געפירט געוואָרן הויפּטזעכלעך בנוגע די פאָרשלאַגן פון עקספּערט פון פוילן, וואיטשעך קעטרזשינסקי, וועלכער איז געשיצט געוואָרן דורך דעם עקספּערט פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד באָריס ס. איוואַנאָוו. געגן די פאָרשלאגן פון פוילן האָט זיך אַרויסגעזאָגט אין דער יו־ען סוב־קאָמיסיע דער עקספּערט פון אַמעריקע, מאָריס ב. אייבראַם, וועלכער איז, אגב, דער פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיוו באָאַרד פון דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע. אייבראַם האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט געגן די צוויי אַרטיקלען אינעם פאָרשלאג פון פוילן — ניין (9) און צען (10).

אַרטיקל 9 לייענט זיך: „ראַסיסטן און נעאָ־פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס שפּרייטן ראַסיסטישע מיינונגען, אָדער פאַרנעמען זיך מיט אַלע אַנדערע אַקטיוויטעטן, וועלכע רופן אַרויס אָדער דערמוטיקן ראַסיסטישע דיסקרימי־נאַציעס, זאָלן פאַרבאָטן ווערן דורכן געזעץ און אויסגעשטעלט ווערן צו שטראָפן, ראַסיסטן, וועלכע פאַרנעמען פאַרשיידענע הויכע אַמטן פון מאַכט זאָלן באַלד געשטעלט ווערן צום משפט פאַר זייערע אַקטיוויטעטן, וואָס האָבן געפירט אָדער דערמוטיקט ראַסן־דיסקרימינאַציעס און אויב זיי זאָלן געפונען ווערן שולדיק זאָלן זיי באַזייטיקט ווערן פון זייערע אַמטן".

וועגן דער געגנערשאַפט צו דעם אַרטיקל ווערט דערציילט אין דעם אָפיציעלן יו־ען פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג פון דינסטאָג, דעם 29טן יאַנואַר:

„אייבראַם... ריידנדיק וועגן אַרטיקל 9 פון מר. קעטרזשינסקיס פאָרשלאַג פאַר דער פאָרגעשלאָגענער דעקלאַראַציע האָט ער [אייבראַם] באַמערקט, אַז דאָס איז אַ סקאַנדאַליעזע אַריינמישונג אין די אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן

פון אומאָפּהענגיקע מלוכות און דעריבער קאָן [אַרטיקל 9] ניט אָנגענומען ווערן דורך דער סוב־קאָמיסיע״.

## פּאָרנאָגראַפּיע־ליטעראַטור מעג מען פאַרבאָטן, נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע — ניט...

שאַרפער איז געווען די דיסקוסיע אַרום אַרטיקל צען פון פוילנ׳ס פאָר־שלאָג.

אַרטיקל 10 לייענט זיך: „ראַסיסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין אַלע אירע פאָר־מען זאָל פאַרבאָטן ווערן אַלס אַ זאַך, וואָס איז אין געגנזאַץ צו דער מענטש־לעכער ווירדע און צו די פונדאַמענטאַלע רעכט פון מענטש און וואָס איז אין געגנזאַץ צו די באַמיאונגען אָנצוהאַלטן דעם אינטערנאַציאָנאַלן שלום און זיכערהייט. די פּראָפּאַגאַנדע פון ראַסיסטישע און פאַשיסטישע מיינונגען און אַקטיוויטעטן זאָלן באַגעגנט ווערן דורך קרימינעלע משפּטים״.

די געגנערשאַפט פון מר. אייבראַם צו דעם אַרטיקל צען איז געקומען צום אויסדרוק אין זיין רעדע אויף דער זיצונג פון דער יו־ען סוב־קאָמיסיע דינסטאָג, דעם 29טן יאַנואַר, ווען ער האָט דערקלערט:

„אייבראַם: ער האָט געזאָגט, אַז געוויסע אַרטיקלען אין מר. קעטרזשינ־סקיס טעקסט זיינען אין געגנזאַץ צו זיינע איבערצייגונגען בנוגע פרייהייט פון רעדע און פון דער פּרעסע... אין דער צייט, וואָס ער אָנערקענט די געפאַר פון דערלויבן ראַסיסטישע פּראָפּאַגאַנדע, איז ער [אייבראַם] אָבער גרייט אָנ־צונעמען אָט־די געפאַר איידער די ריזיגע פון אונטערדריקן דעם פרייען שטראָם פון געדאַנקען. דעריבער קאָן ער ניט שטיצן אַרטיקל צען פון מר. קעטרזשינסקיס טעקסט, וואָס פאַרבאָט ראַסיסטישע פּראָפּאַגאַנדע און וואָס פאַרלאַנגט שטעלן צום משפּט די פאַרשפּרייטער פון די ראַסיסטישע מיי־נונגען...״

אויף דער אָנווייזונג פון סאָוועטן־עקספּערט, איוואַנאָוו, אַז „מיטלען זיי־נען אָנגענומען געוואָרן אין פיל לענדער געגן פּאָרנאָגראַפישע [זנות] אויס־גאַבן און זיי [די מיטלען] האָבן גוט געאַרבעט אָן דעם, אַז די פרייהייט פון דער פּרעסע זאָל באַגרענעצט ווערן״ און אויך, אַז „דאָס זעלבע זאָל געטאָן ווערן בנוגע ראַסיזם, וואָס איז פיל מער געפערלעך״ האָט מר. אייבראַם אָפּגעענטפערט: „ס׳איז אמת, אַז פּאָרנאָגראַפיע־ליטעראַטור איז לייכטער צו באַשטימען איידער דעם ראַסיזם און פאַשיזם״.

## אידישער וועלט־קאָנגרעס באַשטעטיגט געפאַר פון נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע

די עקספּערטן פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און פוילן האָבן עטלעכע מאָל

אָנגעוויזן אויף דער אומלאָגישקייט אין די אַרויסזאָגונגען פון מר. אייבראַם. דער עקספּערט פון פּוילן, קעטרזשינסקי, האָט צווישן אַנדערן אָנגעוויזן: „וואָס שייך דעם אויפלעב פון נאַציזם און ראַסיסטישע און נעאָ־פאַשיסטישע אָר־גאַניזאַציעס, איז אָט־די דערשיינונג אומגליקלעכערווייזע קלאָר און ווערט באַשטעטיגט און טאָר ניט איגנאָרירט ווערן אין אַן אַרויסטריט [דעקלאַראַ־ציע] בנוגע ראַסן־דיסקרימינאַציעס".

דער סאָוועטן־עקספּערט, איוואַנאָוו, האָט אין זיין ענטפער אונטערשטראָכן צווישן אַנדערן „די געפאַר פון דערלויבן יחידים און אָרגאַניזאַציעס צו פּרע־דיגן ראַסיזם אומבאַשטראָפט, ווייל די דערפאַרונג אין דייטשלאַנד האָט באַ־וויזן, אַז אָט־די דערלויבעניש קאָן ניט בלויז באַווירקן די פּאָליטיק פון אַ מלוכה, נאָר קאָן אויך ווערן די דאָקטרין פון דער מלוכה. היטלער האָט פּאַקטיש פאַרוואַנדלט די ראַסיסטישע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אין דער אָפיציעלער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, פירנדיג צו רע־זולטאַטן, וואָס מען טאָר ניט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן זיך ווידערהאָלן... ס׳מוז אונטערשטראָכן ווערן דער פאַקט, אַז געוועזענע נאַציס און פאַשיסטישע פי־רער נעמען ווידער איבער שליסל־אַמטן און ס׳איז פאָרגעקומען אַ ווידערגע־בורט פון נאַצי און ראַסיסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען אַ געפאַר צו פאַרניכטן די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען אין זייערע וואונטשן פאַר נקמה".

די לעצטע באַמערקונג פון דעם סאָוועטן־עקספּערט שטימען, אגב, מיט די פאַקטן אין דעם דאָקומענט, וואָס דער אידישער וועלט־קאָנגרעס האָט פאַר־עפנטלעכט אין דער יו־ען דעם 3טן אָקטאָבער, 1962, אונטער אַ קאָפּ: „אי־דישער וועלט־קאָנגרעס באַריכטעט איינצלהייטן וועגן אינטערנאַציאָנאַלע פאַר־בינדונגען פון נעאָ־נאַצי גרופּן".

## „פאַרגעסן" צו באַריכטן

דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" האָט כמעט יעדן טאָג געדרוקט לאַנגע באַ־ריכטן וועגן די זיצונגען פון דער יו־ען סוב־קאָמיסיע. עטלעכע צענדליק טויזנט ווערטער זיינען באַנוצט געוואָרן אין דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" כלומרשט צו דערציילן וועגן דעם, וואָס ס׳קומט פאָר אין אָט־דער וויכטיגער יו־ען סוב־קאָמיסיע. אָבער מאָדנע, מיט קיין איין וואָרט איז אין דעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" ניט דערמאָנט געוואָרן די אויבן־געבראַכטע דיסקוסיע וועגן די פאָרשלאַגן אין דער דעקלאַראַציע צו פאַרבאָטן ראַסיזם.

פון דער צווייטער זייט זיינען אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" דערשינען באַ־ריכטן וועגן רעדעס, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געהאַלטן געוואָרן אין דער יו־ען סוב־קאָמיסיע.

אַזוי, צום ביישפּיל, איז אינעם „טאָג מאָרגן זשורנאַל" פון דינסטאָג, דעם 22טן יאַנואַר, דערשינען אַ באַריכט וועגן דער יו־ען סוב־קאָמיסיע, וואָס לייענט זיך טיילווייז:

„דר. לעווין פאַרטרעט די אַלוועלטלעכע אגודת ישראל אָרגאַניזאַציע. כאָטש ער האָט ניט דערמאָנט סאָוועט־רוסלאַנד בוכשטעבלעך איז געוואָרן קלאָר, אַז דער אגודת ישראל פאַרשטייער האָט געמיינט דעם ראַטן־פאַרבאַנד, ווען ער האָט דערקלערט, אַז אין אַ לאַנד, וואו אידן ווערט ניט געגעבן די רעכט אויסצולעבן זיך לויט די פאַרלאַנגען פון זייער אמונה, וואו שולן ווערן געשלאָסן און מצות אויף פּסח ווערט ניט דערלויבט צו באַקן, איז עס בלויז מענטשן־רעכט צו דערלויבן די אידן אַרויסצופאָרן פון אַזאַ מדינה".

קיין שום אַנדער יו־ען רעפּאָרטער, אויסער פונעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָט ניט געהערט די דאָזיגע דערקלערונג פון הרב יצחק לעווין און מען קאָן אָט־די דערקלערונג אויך ניט געפינען אינעם אָפיציעלן פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג.

הרב לעווין, וועלכער ווערט שטאַרק רעספּעקטירט אין דער יו־ען פאַר זיינע טאַקטישע אַרויסטרעטונגען, אין וועלכע עס קומען צום אויסדרוק זיינע טיפע רעליגיעזע איבערצייגונגען, האָט מאָנטאָג, דעם 21טן יאַנואַר, פאָרגע־בראַכט פאַר דער יו־ען סוב־קאָמיסיע אַ ברייטע אָפּהאַנדלונג וועגן פעלקער־וואַנדערונגען בכלל און וועגן אידישע וואַנדערונגען בפרט. ער האָט אָנ־געהויבן מיט יציאת מצרים און איז אַריבער צו די מאָדערנע צייטן, אונ־טערשטרייכנדיג כסדר די קאָמפּליצירטקייט פון דער פּראָבלעם.

הרב לעווין האָט אין זיין רעדע זיך אָפּגעשטעלט ספּעציפיש אויף אַ פאָרשלאַג אין דער יו־ען סוב־קאָמיסיע וואָס האָט זיך געלייענט: „די רעכט פון יעדן איינעם צו פאַרלאָזן זיין לאַנד זאָל ניט זיין קיין געגנשטאַנד פון באַגרענעצונגען, אַחוץ די, וואָס ווערן פּראַרויסגעזען אין געזעץ, וואָס דאַרף בלויז זיין פאַרנינפטיג און נויטווענדיג צו באַשיצן די נאַציאָנאַלע זיכער־הייט, עפנטלעכע אָרדענונג, געזונט, מאָראַל, אָדער די רעכט און פרייהייט פון אַנדערע".

## הרב לעווין לייקנט באַריכט פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל"

צו דעם פּאַראַגראַף האָט הרב לעווין פאָרגעשלאָגן צוצוגעבן דעם פאָלגענ־דיגן פּונקט: „אויב אַזעלכע באַגרענעצונגען ווערן אַרויפגעלייגט אויף עמי־גראַציע, דאַרף געזיכערט ווערן, לויט אַרטיקל 18 פון דער אַלגעמיינער דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט, די פולע פרייהייט פון געדאַנק, געוויסן און רעליגיע, אַריינגערעכנט די רעכט צו פּראַקטיצירן רעליגיע".

ס'איז, אַזוי אַרום, קלאָר, אַז וועגן דעם, וואָס הרב לעווין האָט טאַקע געזאָגט איז קיין וואָרט ניטאָ אינעם „באַריכט" פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל". דערפאַר אָבער האָט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" אַריינגעלייגט אין מויל פון הרב לעווין ווערטער, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געזאָגט אין דער יו־עָן.

אינ'ם „באַריכט" פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" ווערט ווייטער דערקלערט:

„דר. לעווין האָט אָפן געזאָגט, אַז ,אין אַ מדינה, וואו אידישע געבעט־הייזער ווערן סיסטעמאַטיש געשלאָסן, וואו אידן ווערט ניט דערלויבט צו באַקן מצות אויף פסח', אין אַזאַ לאַנד קענען זיי ניט לעבן זייער רעליגיעזן שטייגער לעבן".

די „מאָרגן פרייהייט" פאַרטיידיגט ניט די אינערלעכע פּאָליטיק פון קיין רעגירונג בנוגע אידישע שולן אָדער מצות אויף פסח. מיר שטעלן איצט בלויז פעסט, אַז הרב לעווין האָט קיינמאָל ניט געזאָגט די ווערטער, וואָס דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָט אים צוגעשריבן.

מאָנטאָג, דעם 4טן מערץ, 9 אַזייגער אין אָוונט, האָבן מיר זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט הרב לעווין, פאָרגעלייענט פאַר אים דעם „באַריכט" אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" וועגן זיין אויפטריט אין דער יו־עָן סוב־קאָמיסיע. הרב לעווין האָט וועגן דעם „באַריכט" קאַטעגאָריש דערקלערט:

„אַבסאָלוטלי אינקאָרעקט!"

„אַבסאָלוט ניט ריכטיג!"

## אונטערדריקט דעם אמת

אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער יו־עָן סוב־קאָמיסיע זיינען אין יאַנואַר, 1963, געשטאַנען צוויי פּונקטן, וואָס רירן־אָן די סאַמע פיזישע עקזיסטענץ פון דעם אידן, אַלס יחיד, און פון דעם אידישן פאָלק אַלס אַ כלל אין די מערסטע טיילן וועלט.

דיביידע פּונקטן זיינען פון דער וויכטיגסטער באַדייטונג פאַר די אידישע ישובים אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, וואָס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן, אונטער דער הערשאַפט פון די פאַרשיידענע דיקטאַטאָרס, אין אַ מקום מקלט פאַר די אָנפירער פון דעם אויפגעלעבטן נאַצי־אינטערנאַציאָנאַל; פאַר די אידישע ישובים אין מערב־אייראָפּע, וואָס ווערט איצט באַהערשט, אין דער פאָרם פון „נאַטאָ"־אָנפירערשאַפט, דורך אַזעלכע היטלער־גענעראַלן און ספּעציאַליסטן אין מאָרד און אומקום, ווי אַדאָלף הויזינגער און האַנס שפּאַידעל, און לסוף אויך פאַר דעם העכער פינף מיליאָניגן אידישן ישוב אין אַמעריקע, וואו די ראַקוועל־נאַציס רופן לעצטנס, אָפן און אומגעשטערט דורכן געזעץ און אומבאַשטראָפט, אונטערן אויסרייד פון שוץ פאַר „פרייער

רעדע״, אומצוברענגען אידן אין גאַז־קאַמערן.

איין פונקט האָט צו טאָן מיט דער וועלט־דעקלאַ... צייע געגן ראַסיזם. וועגן דעם האָבן מיר שוין גערעדט פריער.

דער צווייטער פונקט האָט צו טאָן מיט אַ פאָרשלאַג, וואָס איז אַרייַנגעטראָגן געוואָרן נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק, נאָך דער סוואַסטיקא־מגפה פון 1959, און וואָס פאָדערט פון דער יו־ען „אָנצוהויבן אַן אויספאָרשונג פון די מיטלען, וועלכע דאַרפן אָנגענומען ווערן אָפּצושטעלן די פרעדיגונג פון נאַציאָנאַלער, ראַסן און רעליגיעזער שנאה, וואָס באַשטייט אין העצן צו האָס און גוואַלדטאַטן, און צו באַשטימען אַ ספּעציעלן ראַפּאָרטער [אויספאָרשער] פאַר דעם צוועק״.

ווי אין די פריערדיגע יאָרן האָט דעם פאָרשלאַג געמאַכט אויך אין 1963 דער סאָוועטן־עקספּערט, איוואַנאָוו.

אויך וועגן דעם פאָרשלאַג און וועגן דער דעבאַטע אַרום דעם פאָרשלאַג האָט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״ „פאַרגעסן״ צו באַריכטן זיינע לייענער.

פיל ערגער און ממש טראַגיש האָט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״ געהאַנדלט בנוגע דער רירנדיגער רעדע, וואָס דר. מאָריס ל. פּערצוויג, פאָרשטייער פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, האָט געהאַלטן אין דער יו־ען סוב־קאָמיסיע וועגן דער פראַגע. ווי אין די פריערדיגע יאָרן האָט דער אידישער וועלט־קאָנגרעס אויך אין יאַנואַר, 1963, געשטיצט דעם סאָוועטן־פאָרשלאַג פאַר אַ באַלדיגער יו־ען אויספאָרשונג וועגן מיטלען אָפּצושטעלן ראַסיסטישע און נאַצישע גוואַלדטאַטן.

צוליב דער וויכטיגקייט פון דער פראַגע ספּעציעל פאַר אידן האָט דער אידישער וועלט־קאָנגרעס פאַנאַנדערגעשיקט צו דער גאַנצער אידישער פּרעסע אַ צושריפט וועגן דר. פּערלצוויגס אַרויסטריט אין דער יו־ען, וואָס לייענט זיך:

„בנוגע מר. איוואַנאָווס פאָרשלאַג, האָט דר. פּערלצוויג אָנגעוויזן, אַז דאָס איז שוין אויף דער טאָג־אָרדענונג עטלעכע יאָר און ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז די פּראָבלעם פון העצעס, וועלכע דער אידישער וועלט־קאָנגרעס האַלט פאַר ערנסט, דאַרף ווערן דער געגנשטאַנד פון אַ גענויער און אָביעקטיווער אונטערזוכונג, פריי פון דיפּלאָמאַטישן קאָנפליקט אין דער היינטיגער וועלט. „איך בין אַ מערב־מענטש, אַ קינד פון זיין טראַדיציע״, האָט דר. פּערלצוויג דערקלערט, „און דאָס רעכט צו ריידן פריי איז איינע פון די טייערסטע ווערטן אין דער דאָזיגער טראַדיציע, אָבער ס׳איז אַ טייל פון דעם פונדאַמענטאַלן צוועק פון דער סוב־קאָמיסיע צו זען באַהאַנדלען בשותפות׳דיגע פּראָבלעמען און געפינען פאַר זיי לייזונגען, אויף וועלכע די אינטערנאַציאָנאַלע געמיינדע זאָל זיך קענען איינִיגן״.

## אידישער וועלט־קאָנגרעס דערמאָנט דערפאַרונג אין דייטשלאַנד

דער צושריפט פון דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס צו דער אידישער פּרעסע לייענט זיך ווייטער:

„ער [דר. פּערלצווייג] האָט דערמאָנט דעם צושטאַנד אין דייטשלאַנד, במשך פון די סוף־צוואַנציגער יאָרן, ווען די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען זייענען געווען אומבאַשלאָסן צו שאַפן געזעצן אָדער אָנצונעמען פּאַסנדע מיטלען צו באַקעמפן די אָנקומענדיגע כוואַליעס פון העצעס צו האַס און גוואַלדטאַטן, וואָס האָבן ענדלעך אַראָפּגעשווענקט די דעמאָקראַטיע און געגעבן דעם מערב אַזאַ שוידער, וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין דער מאָדערנער געשיכטע".

דר. פּערלצווייג האָט, לויט דעם צושריפט, פאַרענדיגט זיין רעדע אין דער יו־ען סוב־קאָמיסיע מיט אַן ערנסטער וואָרנונג און אַ באמת רירנדיגער ווענדונג צום געוויסן פון דער גאָרער מענטשהייט:

„אין טייל דעמאָקראַטישע לענדער איז מעגלעך פאַר אַ נאַצי צו שפּאַצירן אויף די גאַסן מיט פּלאַקאַטן: ‚אידן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן', אָדער אפילו: ‚אידן צו די גאַז־אויוונס'. איך בעט דער סוב־קאָמיסיע צו נעמען אין באַטראַכט, וואָס עס מיינט פאַרן געמיט־צושטאַנד פון אַ אידיש קינד, ווען ער זעט עס", האָט דר. פּערלצווייג דערקלערט. „ביי דער געלעגנהייט בעט איך אייך אויך צו טראַכטן, וואָס דאָס טוט צו אַ ניט־אידיש קינד".

אָט דאָס האָט דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" אונטערדריקט!

דער „פאָרווערטס" — יאָ. דער „פאָרווערטס", וואָס צייכנט זיך ניט אויס, ווי באַקאַנט, מיט זיין אָביעקטיווקייט ביים באַריכטן וועגן דער נאַצי־געפאַר, האָט אָפּגעדרוקט די רירנדיגע רעדע פון דר. פּערלצווייג, דאָנערשטאָג, דעם 7טן פעברואַר, אונטער אַ קאָפּ: „וועלט־קאָנגרעס פאָדערט יו־עןזאָל שטערן פּראָפּאַגאַנדע פון האַס געגן ראַסן און רעליגיעס".

די „מאָרגן פרייהייט" האָט אָפּגעדרוקט פרייטאָג, דעם 8טן פעברואַר, דעם טעקסט פון דער רעדע אונטער אַ קאָפּ: „אידישער וועלט־קאָנגרעס שטיצט אין יו־עןסאָוועטן־פאָדערונג פאַר אויספאָרשונג פון ראַסיסטן העצעס".

## „קאַלטע מלחמה" פּראָפּאַגאַנדע

בלויז דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָט אונטערדריקט אָט־דעם היסטאָרישן דאָקומענט פונעם אידישן וועלט־קאָנגרעס.

די „מאָרגן פרייהייט" האָט אָפּגעדרוקט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן די טעטיגקייטן פון דער יו־עןסוב־קאָמיסיע און האָט אויך פאַרריכט די פאַרקריפּלונגען אין די כלומרשטע באַריכטן פונעם „טאָג־מאָרגן זשורנאַל". דערמיט האָט די „מאָרגן פרייהייט" געמאַכט אַ וויכטיגן און פּאָזיטיוון ביישטייער פאַרן אידישן קיבוץ אין לאַנד, פאַר אַמעריקע.

די „מאָרגן פרייהייט" גלויבט און איז איבערצייגט, אַז אַזעלכע באַריכטן, ווי דער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" האָט געבראַכט וועגן דער יו־עז, — באַריכטן, וואָס האָבן לחלוטין גאָרנישט צו טאָן מיט דערווירקלעכקייט — העלפן בלויז פאַנאַנדערצובלאָזן נאָך מער די „קאַלטע מלחמה".

די „מאָרגן פרייהייט" שטרייכט כסדר אונטער, אַז די „קאַלטע מלחמה" איז אַן אומגליק פאַר דער מענטשהייט, אַ געפאַר פאַרן אידישן פאָלק אומעטום. אין די יאָרן פון דער קאַלטער מלחמה, ווערט תמיד אָנגעוויזן אין דער „מאָרגן פרייהייט", זיינען אויפן באָדן פון דער דעמאָקראַטישער אַמעריקע אויסגעוואָקסן אַזעלכע דערנער ווי: דער העסלעכער מעקאַרטיזם, דער אַנטי־אימיגראַנטן מעקאַרען־וואָלטער אַקט, דער אַנטי־יוניאָן טעפט־האַרטלי געזעץ און די פאַרשיידענע אינקוויזיטאָרן־קאָמיטעס פאַר געדאַנקען־קאָנטראָל.

די איינשטעלונג פון דער „מאָרגן פרייהייט", אַז די קאַלטע מלחמה איז אַ שטער פאַר ציווילע רעכט, איז גאָר לעצטנס אַרויסגעהויבן געוואָרן אין צוויי היסטאָרישע אַרויסטרעטונגען פון פּרעזידענט קענעדי.

## פּרעזידענט קענעדי'ס צוויי היסטאָרישע רעדעס

דינסטאָג, דעם 11טן יוני, האָט פּרעזידענט קענעדי געהאַלטן אַ דראַמאַטישע רעדע צום פאָלק, אין וועלכער ער האָט גערופן יעדן איינעם צו שטיצן זיינע באַמיאונגען צו זיכערן די רעכט פון די נעגערס. אין זיין רעדע האָט פּרעזידענט קענעדי אונטערשטראָכן צווישן אַנדערן:

„מיר שטייען פּנים אל פּנים הויפּטזעכלעך מיט אַן אישו, וואָס האָט צו טאָן מיט מאָראַל. די אישו איז אַזוי אַלט ווי די ספרי הנביאים און די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע. אין האַרץ פון דער פּראָבלעם איז די פראַגע, צי אַלע אַמעריקאַנער דאַרפן געניסן פון גלייכע רעכט און גלייכע מעגלעכקייטן, און צי מיר ווילן באַהאַנדלען אונזערע מיט־אַמעריקאַנער אַזוי ווי מיר וואָלטן געוואָלט מען זאָל אונז באַהאַנדלען".

אָבער אָט די היסטאָרישע רעדע וועגן מענטשן־רעכט, וועגן נעגער־רעכט, וועגן גלייכע רעכט פאַר אַלע אַמעריקאַנער — אַ רעדע, וואָס איז באַגריסט געוואָרן סיי אין מזרח און סיי אין מערב — האָט פּרעזידענט קענעדי געהאַלטן בלויז איין טאָג, נאָכדעם, ווי ער האָט מאָנטאָג גערופן אַמעריקע, די וועלט צו מאַכן אַ סוף צו דער „קאַלטער מלחמה".

מאָנטאָג, דעם 10טן יוני, איז פּרעזידענט קענעדי אויפגעטראָטן אין דעם אַמעריקאַנער אוניווערזיטעט אין וואַשינגטאָן און האָט דערקלערט צווישן אַנדערן:

„...יעדער גראַדואַנט פון אָט דער שול, יעדער דענקענדיקער בירגער, וועלכער האָסט מלחמה און וויל ברענגען שלום דאַרף אָנהויבן אַריינצוקוקן

אין זיך דורך איבערקוקן זיין איי. ; שטעלונג בנוגע דעם גאַנג פון דער קאַלטער מלחמה און בנוגע פרייהייט ־ין פרידן דאָ אינדערהיים".

פאַרזעצנדיג דעם זעלבן געדאַנק ;גן מאַכן אַ סוף צו דער „קאַלטער מלחמה" האָט פּרעזידענט קענעדי ווייטער דערקלערט:

„לאָמיר זיך ניט מאַכן בלינד בנוגע אונזערע פאַרשיידנהייטן — אָבער לאָמיר אויך ווענדן אונזער אויפמערקזאַמקייט צו אונזערע אַלגעמיינע אינ־טערעסן און צו די מיטלען מיט וועלכע די פאַרשיידנהייטן קאָנען אָפּגעשאַפט ווערן. און אויב מיר קאָנען ניט מאַכן אַ סוף צו אונזערע פאַרשיידנהייטן איז לכל הפחות קאָנען מיר העלפן מאַכן די וועלט זיכער פאַר פאַרשיידנ־אַרטיגקייטן..."

## „מאָרגן פרייהייט" שטיצט שלום־פּראָגראַם

די „מאָרגן פרייהייט" האָט עפנטלעך, אין עדיטאָריעלס און אַרטיקלען, ווי אויך דורך אַ ספּעציעלער טעלעגראַמע צום ווייסן הויז אין וואַשינגטאָן געשטיצט מיטן גאַנצן האַרצן ביידע איינשטעלונגען פון דעם פּרעזידענט — וועגן געבן פולע רעכט צו אַלע אַמעריקאַנער און וועגן מאַכן אַ סוף צו דער „קאַלטער מלחמה".

אין אָט דעם גייסט וועט די „מאָרגן פרייהייט" קריטיקירן די יעניגע, וועלכע זוכן צו שטערן דורכצופירן אין לעבן די פּראָגראַם פון פּרעזידענט קענעדי און וועט מאַכן יעדע אָנשטרענגונג צו פאַרשטאַרקן איר שטיצע פאַר דער פּראָגראַם דורך אויסברייטערן דעם איינפלוס און ווירקונג פון דער צייַ־טונג מיט דער הילף פון ניי־געוואונענע לייענער און פריינט.

# דער יובילײ פון אַ צייטונג

### פון ס. ד. לעווין

זונטאָג, דעם 30טן דעצעמבער, 1962, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פייערונג לכבוד דעם 65טן יאָר פונעם „פאָרווערטס". די צייטונג איז אָבער געבוירן געוואָרן דעם 22טן אַפּריל.

דער „פאָרווערטס" איז געגרינדעט געוואָרן פון האַרעפּאַשניקעס: באָדל־אַרבעטער, שיך־אַרבעטער, ציגאַר־מאַכער און אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן. די אָרעמע אידישע אַרבעטער האָבן דאַן אַוועקגעגעבן זייערע לעצטע פאַר סענט צו גרינדן און אויפצוהאַלטן אין די ערשטע יאָרן דעם „פאָרווערטס".

זיי, די אַרבעטנדיגע אידישע אימיגראַנטן, האָבן נאָך דאַן, מיט 65 יאָר צוריק, אַרויפגעשטעלט אויפן „פאָרווערטס" די מאָטאָס: „אַרבעטער פון אַלע לענ־דער פאַראייניגט זיך", און „די באַפרייאונג פון די אַרבעטער וועט זיך אָן די אַרבעטער אַליין".

מיט וואָס, אָבער, איז געקומען דער „פאָרווערטס" צו זיין 65טן יובילײ אין 1962?

מיר ווילן, פאַרשטייט זיך, איצט ניט אַריינגיין אין דעם לאַנגן רעקאָרד פונעם „פאָרווערטס" פאַר די לעצטע 65 יאָר. מיר ווילן זיך איצט אָפּשטעלן בקיצור בלויז אויף דעם, ווי דער „פאָרווערטס" האָט אָפּגעשפּיגלט די צוויי גרונט־פּראָבלעמען פון אַמעריקע, פון דער וועלט, פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליג יאָרן: „קאַלטע מלחמה" און אונטערדריקונג פון מענטשן־רעכט ביי אונז אין לאַנד, בעסער באַקאַנט אַלס מעקאַרטיזם.

מיר טרייבן ניט איבער, ווען מיר דערקלערן, אַז די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט באַגריסט פּרעזידענט קענעדי, ווען ער איז גאָר לעצטנס אַרויסגע־קומען מיט אַ שטאַרקן רוף צו מאַכן אַ סוף צו דער „קאַלטער מלחמה" און צו זיכערן די רעכט פון אַלע אַמעריקאַנער דורך געבן די פולע רעכט צו די נעגערס אין לאַנד.

ליידער איז אָבער דער „פאָרווערטס" געגאַנגען אין די לעצטע יאָרן מיט די, וועלכע האָבן געזוכט צו פאַרוואַנדלען די „קאַלטע מלחמה" אין אַ „הייסער מלחמה" און נאָך מער צו פאַרפאָלגן די יעניגע אַמעריקאַנער, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטן געגן דעם.

כאַראַקטעריסטיש בנוגע דעם איז דער עדיטאָריעל, וואָס איז דערשינען אין דעם „פאָרווערטס" לכבוד דעם ערשטן מאַי, 1949. די צייטונג דערקלערט צווישן אַנדערן:

„פאַר יעדן ערלעכן דענקענדיגן מענטשן איז איצט קלאָר, אַז דער געפער־לעכער שונא פון פרידן און פרייהייט איז איצט ניט מער דער קאַפּיטאַליזם..."

איז ווער־זשע איז „דער געפערלעכער שונא פון פרידן און פרייהייט"?

אין צענדליגער עדיטאָריעלס און אַרטיקלען האָט דער „פאָרווערטס" געגעבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע זינט 1949.

## מלחמה און מעקאַרטיזם

אין זיין פאַרביטערטער שנאה געגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט דער „פאָרווערטס" געפריידיגט, ספּעציעל אין די נאָך־מלחמה יאָרן, אַ פּאָליטיק געגן וועלכער עס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אידישע פירער און קערפּערשאַפטן. די פּאָליטיק, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט גע־

פריידיגט אין די נאָך־מלחמה יאָרן, איז געווען: מלחמה, אויפבוי פון דעם אַדענאַוער־רעזשים אין מערב־דייטשלאַנד, און מעקאַרטיזם אין אַמעריקע.

דעם 10טן פעברואַר, 1953, איז אין „פאָרווערטס" דערשינען אַן אַרטיקל, וואָס האָט צווישן אַנדערן אונטערשטראָכן: „איך זע נאָר איין וועג, וואָס קאָן ווירקלעך אַרויסטרייבן סטאַלינען פון די סאַטעליטן לענדער און דער וועג הייסט מלחמה" (ר. אַבראַמאָוויטש).

דער פאַרלאַנג פאַר מלחמה איז געווען טראַגיש. די שנאה צום סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אָבער דערפירט צו דעם, וואָס אינעם „פאָרווערטס" ווערט פּאַקטיש באַוויינט די מפּלה פון די היטלער־אַרמייען אין צייט פון דער מלחמה. דעם 1טן דעצעמבער, 1953, ווערט דערקלערט אינעם „פאָרווערטס" וועגן דער מפּלה פון היטלער־דייטשלאַנד:

„דאָס וואָלט ניט געווען אַזוי געפערלעך און טראַגיש, ווען אין דער וועלט וואָלט געווען אַחוץ אונז [אַמעריקע] אַנדערע שטאַרקע געגן־כוחות געגן קאָמוניזם אין אייראָפּע און אַזיע. אָבער אָט די כוחות האָבן מיר אַליין צעשטערט בעת דער מלחמה און אויף זייער אָרט איז געבליבן אַ געפערלעכע פוסטקייט. אין אייראָפּע איז געווען אַ קאָלאָסאַלע דייטשע מאַכט און מיר האָבן זי צעשטערט און געלאָזן די נייע דייטשלאַנד אַבסאָלוט שוצלאָז" (אונטערשטראָכן דורך מיר — ס. ד. ל.).

דער „פאָרווערטס" איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון די דייטשן אין מערב־דייטשלאַנד. זייער אָפט קערט זיך אום די צייטונג צו דער טעמע. דעם 3טן דעצעמבער, 1961, דערשיינט אינעם „פאָרווערטס" אַן עדיטאָריעל אונטער אַ קאָפּ: „סאָוועט־רוסלאַנד און דייטשלאַנד". אין דעם עדיטאָריעל ווערט דערקלערט, צווישן אַנדערן:

„עס איז אַ ליגן, אַז די מערב־דייטשישע פעדעראַלע רעפּובליק ווערט באַהערשט פון מיליטאַריסטן און רעוואַנשיסטן און עס איז פּונקט אַזאַ ליגן, אַז מערב־דייטשלאַנד גרייט זיך צו מלחמה מיט וועמען עס איז... אין מערב־דייטשלאַנד הערשט פולשטענדיגע פרייהייט און גלייכהייט. דער מיליטאַריזם איז אין מערב־דייטשלאַנד טויט און באַגראָבן".

פאַר יעדן אינפאָרמירטן לייענער איז אָבער געווען באַוואוסט, אַז אין 1961 איז די מערב־דייטשישע אַרמיי, אָנגעפירט פון היטלער־גענעראַלן, געווען די שטאַרקסטע אין די „נאַטאָ" קרעפטן, און אַז די אָנפירער פון דער אַרמיי, די זעלבע גענעראַלן, וועלכע האָבן אין צייט פון מלחמה געדינט היטלערן און הימלערן, האָבן איצט, אין 1961, אָנגעהויבן פאָדערן בקול רם פון וואַשינגטאָן אַטאָם־וואָפן.

דער מעקאַרטיזם — אַ ווילד־גראָז פון דער קאַלטער מלחמה — איז ממש באַזונגען געוואָרן אויף די זייטן פונ'ם „פאָרווערטס".

## אַטאַקעס געגן נאָרמאַן טאָמאַס און עדלאַי סטיווענסאָן

דעם 5טן יאַנואַר, 2טן פעברואַר און 26טן יולי, 1952, זיינען אין „פאָר־ווערטס" דערשינען אַרטיקלען אונטער די קעפּ: „ליבעראַלן, וואָס באַקעמפן דעם אַנטי־קאָמוניסטישן געזעץ"; „אַ בילבול אויף אַמעריקע, וואָס ליבע־ראַלן פאַרשפרייטן" און „ליבעראַלן, וואָס לאָזן ניט באַקעמפן די קאָמוניסטן". אין לעצטן אַרטיקל ווערט דערקלערט:

„די אַנטי אַנטי־קאָמוניסטן, די געגנער פון די, וואָס באַקעמפן די קאָמו־ניסטן, וויקלען איין די טומאה אין דער יראה. זיי נעמען זיך כלומרשט אָן פאַר פרייע בירגער רעכט, פאַר די, וואָס זיינען כלומרשט געקריוודעט אין די לאָיאַלע אונטערזוכונגען ביי די קאָנגרעס־פאַרהערן און דורך די פּראָצעסן געגן די היגע קאָמוניסטן. זיי מאַכן אַ געשריי, אַז די אַלע אונטערזוכונגען און אויפדעקונגען גראָבן אונטער די אַמעריקאַנער פרייהייט, אַז דער ‚מעק־אַרטיזם' פאַרדאַרבט אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, אַז ‚וויטש האַנט' פאַרוואַנדלט אונזער לאַנד אין אונטערטעניגקייט און שרעק. די קאָמוניסטן זיינען קינסט־לער אויף אַזעלכע געוואַלד געשרייען... די מיטשלעפער־אינטעליגענץ האָט איצט איבערגענומען די קוויטשערייען פון פּראָפעסיאָנעלע חלש'רינס, ווי איר אייגנס און האַלט זיך אין איין קלאָגן זיך אויף דעם כלומרשן חורבן פון פרייהייט אין אַמעריקע" (י. רייך).

און ווער זיינען דאָס די „מיטשלעפער־אינטעליגענץ" און די „פּראָפעסיאָ־נעלע חלש'רינס"? דעם ענטפער קאָן מען געפינען אין „פאָרווערטס" עדי־טאָריעל פון דעם 6טן סעפּטעמבער 1953, וואָס קריטיקירט שאַרף דעם ווע־טעראַן סאָציאַליסטישער־פירער אין אַמעריקע נאָרמאַן טאָמאַס און דעם דע־מאָקראַטישן פּרעזידענט־קאַנדידאַט עדלאַי סטיווענסאָן פאַר דעם, וואָס נאָך אַ רייזע אין אייראָפּע האָבן זיי דערקלערט, אַז דער מעקאַרטיזם פאַרשוואַרצט דאָס פּנים פון אַמעריקע. דער עדיטאָריעל איז'ם „פאָרווערטס" דערקלערט פּראָסט און פּשוט: „דאָס האָבן קאָמוניסטן געשאַפן די מעקאַרטיזם געפאַר, דורך וועלכע זיי זוכן צו פאַרשוואַרצן אַמעריקע אין די אויגן פון דער לי־בעראַלער וועלט... אַזוי גיסן אויך וואַסער אויף דער מאָסקווער מיל די יעניגע אַמעריקאַנער אַנטי־קאָמוניסטן, וועלכע האַלטן כסדר אין איין האַמערן וועגן דער געפאַר פון ‚מעקאַרטיזם' און מינימיזירן אָדער פאַרשווייגן אינגאַנצן די קאָמוניסטישע געפאַר".

## ראַבאַי פילווער און איינשטיין געזידלט

אַ טרויעריגן קאַפּיטל האָט אַמעריקע דורכגעמאַכט אין די מעקאַרטי־יאָרן. אין דער געשיכטע פון 65 יאָר „פאָרווערטס" דאַרף פאַרצייכנט ווערן

אַז די די צייטונג, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אידישע אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס, האָט, ליידער, געהאָלפן שרייבן דעם טרויעריגן מעקאַרטי־קאַפּיטל אין לאַנד.

ראַבאַי אבא הלל סילווער האָט אין 1951 זיך פאַרזינדיגט ביים „פאָר־ווערטס". אין זיין טעמפּל אין קליוולאַנד האָט ראַבאַי סילווער געהאַלטן אַ דרשה אין וועלכער ער האָט אַנגעוויזן, אַז די באַוואָפענונג פון דייטשלאַנד שטעלט אין געפאַר דעם וועלט־שלום. ראַבאַי סילווער האָט אויך קריטיקירט דעם מערב פאַר באַפרייען די נאַצי־פאַרברעכער און די אַמעריקאַנער רע־גירונג וואָס זוכט צו פאַרבינדן זיך ענג מיט דעם פאַשיסטישן הענקער פון שפּאַניע, פראַנקאָ.

דער „פאָרווערטס" האָט אָפּגעענטפערט ראַבאַי סילווער'ן מיט אַ סעריע אַרטיקלען, אין וועלכע דער פּראָמינענטן ציוניסטישער פירער איז באַצייכנט געוואָרן אַלס „פאַרשפּרייטער פון קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע", אַלס „דער ליבלינג פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע" און דער „פאָרווערטס" האָט דאַן אויך געלאָזט וויסן, אַז „אַזוינע ווערטער הערט מען בלויז פון הונדערט פּראָ־צענטיגע קאָמוניסטן אָדער מען לייענט זיי אין דער סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור".

די גיפטיגע אַטאַקע פון דעם „פאָרווערטס" געגן ראַבאַי סילווער האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אויף דער אידישער גאַס, ספּעציעל צווישן די ציו־ניסטן. דעם 21טן מערץ, 1951, איז וועגן דעם ענין דערשינען אַן עדיטאָ־ריעל אין דעם „טאָג", אין וועלכן עס איז דערקלערט געוואָרן צווישן אַנדערן:

„מיר באַטראַכטן... די האַנדלונג פון ,פאָרווערטס' פאַר איינע פון די געמיינסטע און שענדלעכסטע, וואָס אַ אידישע צייטונג איז ווען עס איז באַ־גאַנגען... ווי אַזוי אַ צייטונג, וואָס איז געדרוקט מיט אידישע אותיות און וואָס איז געלייענט פון אידן האָט געקאָנט זינקען אַזוי בידעריג און שפּילן די ראָל פון אַ מסור אין דער איצטיגער זייער ערנסטער און זייער געפערלעכער צייט אין וועלכער מיר לעבן, אַ צייט, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט געפאַר פאַר אונז אידן, איז עפּעס אַזוינס, וואָס איז שווער צו פאַרשטיין".

אָבער פיל העסלעכער, אויב דאָס איז נאָר מעגלעך, איז געווען דער אַרויס־טריט פון „פאָרווערטס" געגן פּראָפעסאָר איינשטיין און דעם נאָבעל פּריז־געווינער העראַלד יורי, וועלכע האָבן געמאַכט אַ דערקלערונג אין דעם ענין עטל און דזשוליוס ראָזענבערג, אַז זיי — איינשטיין און יורי — ווייסן, אַז עס איז געווען אוממעגלעך פאַרן הויפּט־עדות פון דעם פּראָקוראַר, דעיוויד גרינגלאַס, איבערצוגעבן די סודות פון דעם אַטאָם־באָמבע, ווייל ער האָט ניט געהאַט די אינטעליגענץ פאַר דעם. אין אַן אַרטיקל אין „פאָרווערטס" פון דעם 27טן דעצעמבער, 1952, ווערט געמאַכט חוזק פון פּראָפעסאָר איינשטיין,

עס ווערט דערקלערט: „פּראָפעסאָר יורי איז געווען דער ערשטער פון די פּראָמינענטע וויסנשאַפטלער אָנצונעמען זיך פאַר די ראָזענבערגס און איינ־שטיין האָט צוגעבאמקעט, אַז ער שטימט איין מיט זיין קאָלעגע".

וועגן אַ בריוו, וואָס פּראָפעסאָר יורי האָט פאַרעפנטלעכט אין דער „ניו־יאָרק טאַימס" וועגן ענין ראָזענבערגס ווערט דערקלערט אין דעם זעלבן אַרטיקל אינ׳ם „פאָרווערטס", אַז עס איז אַ „סקאַנדאַליעזע באַהויפּטונג, וואָס פּאַסט זיך פאַר אַ קאָמוניסטישן זשוליק און ניט פאַר אַן ערנסטן און פאַר־אַנטוואָרטלעכן געלערנטן".

אין די שווערע מעקאַרטי־יאָרן איז דאָס פּנים פון אַמעריקע פאַרשוואַרצט געוואָרן איבער דער וועלט, לויטן „פאָרווערטס", ניט דורך די אינקוויזיטאָרן, נאָר דורך אַזעלכע אַמעריקאַנער, ווי נאָרמאַן טאָמאַס, עדלאַי סטיווענסאָן, פּראָפעסאָר יורי, ראַבאַי סילווער און פּראָפעסאָר איינשטיין. זיי אַלע זיינען, לויטן „פאָרווערטס", די אמתע אומאַמעריקאַנער.

## „פאָרווערטס" וואָרנונג געגן „שלום־געפאַר"

ס׳דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז לויטן געדאַנקען־גאַנג פון דעם „פאָר־ווערטס" איז אין 1963 צוגעקומען נאָך איין גאַנץ פּראָמינענטער „אומאַמע־ריקאַנער" אין דער פּערזאָן פון פּרעזידענט קענעדי. דער פּרעזידענט איז, ווי באַקאַנט, אַרויסגעטראָטן מאָנטאָג, דעם 10טן יוני, 1963, מיט אַ רוף צום אַמעריקאַנער פאָלק צו ענדיגן די קאַלטע מלחמה און נעמען שריט צונויפ־צורעדן זיך מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד און דורכדעם זיכערן דעם וועלט־שלום.

אָבער אַזוי פרי ווי דעם 29טן מאַי, 1955, האָט דער „פאָרווערטס" גע־וואָרנט געגן אַזעלכע „געפערלכע" געדאַנקען וועגן שלום. אין אַן אַרטיקל האָט דער „פאָרווערטס" דאַן געוואָרנט: „ס׳איז געקומען זייער אַ שווערער, מ׳קאָן זאָגן, אפילו אַ קריטיקער מאָמענט, וואָס איז פאַרבונדן מיט ערנסטע געפאַרן... מאָסקווע האָט אָנגעהויבן צו ריידן מילדע, פרידלעכע רייד, אָנ־געהויבן צו מאַכן נייע פרידלעכע שריט... און דאָס איז גראָד געפערלעך..." (ל. פאָגעלמאַן).

## דער יובילייַ פון אַ צייטונג

די „נייע פרידלעכע שריט" זיינען „געפערלעך" פאַר וועמען?

פאַר די פאַשיסטישע „בוירטשערס", וועלכע פאַרלאַנגען צו באַנוצן די אַטאָם־באָמבע אומעטום!

פאַר די ראַסיסטן אין דער סאַוט און די אַנטיסעמיטן אומעטום, וועלכע אָטעמען די פאַרגיפטיגטע לופט פון דער „קאַלטער מלחמה"!

פאַר די נעאָ־נאַציס און היטלער־גענעראַלן, וועלכע ווילן נאָך אַלץ ענ־דערן די גרעניצן פון אייראָפּע!

די „מאָרגן פרייהייט" האָט אין די 41 יאָר פון איר עקזיסטענץ כסדר גע־בראַכט פאַקטן וועגן דעם, ווי דער „פאָרווערטס" האָט אויפגעגעבן די אי־דעאַלן פון די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן געגרינ־דעט די צייטונג מיט 65 יאָר צוריק, דעם 22טן אַפּריל 1897 און האָבן גע־בראַכט גרויסע קרבנות אים אויפצוהאַלטן אין די ערשטע יאָרן.

די „מאָרגן פרייהייט" איז איבערצייגט, אַז די אידעאַלן פון די אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן זיינען אויך איצט, אין 1963, סאָציאַליער פּראָג־רעס, פעלקער־פריינטשאַפט און שלום. יאָ, בעיקר שלום. פון דעם שטאַנד־פונקט גלויבן מיר, דערפילט די „מאָרגן פרייהייט" אַ וויכטיגע אויפגאַבע, ווען זי קריטיקירט די יעניגע, און אין דעם פאַל דעם „פאָרווערטס", וועלכע זוכן דורך שנאה און פאַרקריפּלונגען צו שטערן דעם היסטאָרישן גאַנג פון דער מענטשהייט צו פרידלעכער צוזאַמענלעבונג און אַ דויערהאַפטן שלום.

# אַ בריוול צו אייך

טייערער לייענער:

מיר זיינען זיכער, אַז איבערלייענענדיג די בראָשור האָט איר אויסגעפונען געוויסע פאַקטן, וואָס איר האָט וועגן זיי פריער ניט געוואוסט. דאָס זיינען נייעסן, וואָס זיינען ניט דערשינען אין קיין אַנדער אידישער צייטונג, אויסער דער „מאָרגן פרייהייט". מיר האָבן דערפאַר געפונען פאַר נויטיג אָפּצודרוקן דעם מאַטעריאַל אין אַ בראָשור און עס צושטעלן צו אייך.

מיר ווייסן ניט, צי איר זעט אַמאָל די „מאָרגן פרייהייט". אויב איר לייענט זי ניט, וואָלטן מיר זייער געוואָלט, אַז איר זאָלט זיך באַקענען מיט דער צייטונג און ביי זיך אַליין באַשטימען, צי די צייטונג דינט אייערע אינטערעסן, אַלס איד און אַמעריקאַנער, מיט אירע נייעסן, עדיטאָריעלס, אַרטיקלען, וואָס דערשיינען דאָרטן סיסטעמאַטיש.

**מיר זיינען גרייט צו שיקן אייך די צייטונג פאַר 3 חדשים, אָן געצאָלט, כדי איר זאָלט זיך באַקענען מיט איר און באַשטימען, צי איר ווילט פאָרזעצן לייענען די „מאָרגן פרייהייט".**

אויב איר נעמט אָן אונזער פאָרשלאַג, בעטן מיר אייך **אויס־פילן דעם בלאַנק** אונטן, און אונז צושיקן, מיר וועלן שוין טאָן דאָס איבעריגע.

מיט פריינטשאַפט,

„מאָרגן פרייהייט" פאַרוואַלטונג

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

**זייט אַזוי גוט און שיקט מיר די „מאָרגן פרייהייט" פאַר 3 חדשים אַלס פּראָבע, אָן געלט.**

**Name**..........................................................................

**Address**......................................................................

**City**...........................................

**Postal Zone**...........................

**State**............................................

